# מיין זינגענדיקע שוועסטער

פון לוי שאַליטאַן

[illegible] 1947 [illegible]

זינג,
צעקלינג,
צעפֿאַך,
דיין ליד מאַכט
שבת יום־טוב׳דיק
די מיטן וואָכעדיקסטע וואָך.

עס האָט גאָט אין דיין האַרץ פֿאַרגעסן
זיינס אַ גלוטנדיקע טרער,
גייט דער כּוח פֿון דיין ניגון,
מאַכט לייכטער ווען ס׳איז שווער.
האָט דיין ניגון־כוואַליע זיך אַ טראָג געטאָן,
אַזש צום ברעג פֿון וויי,
צום שארית־ייד דעם איינזאַמען,
געקומען טרייסטן ביזטו זיי.
טראָגט דיין ליד זיך דאָ אומעט איצט
פֿון אַ יעדן האַרטן בעט
דיין ליד ראַפּסאָדיע אַ תּהלים׳דיק,
אַ תּפֿילה׳דיק געבעט:
דער צער פֿון קיינמאָל גיין דעם לעצטן וועג,
דורך כּל־נדרי׳ס און המבדיל׳ס אָן אַ זין,
צו הינטער גרינע בוימעלעך
און שטאָלצע עדרים...
ציטערט אויף אין הויכקייט
אונטער ליכט פֿון רעפֿלעקטאָר
און שלאָגט זיך אָפּ אויף שוואַרצן הימל
אַ העל צעלויכטן מעטעאָר.
איז אין דיין ליד, פֿון בענקשאַפֿט פֿול,
אין שטילקייט איך פֿאַרנעם,
דורך געטלעך טרער דעם גלוטיקן,
אַ ניגון פֿון בעל־שם.
טאָ, —
זינג,
צעקלינג,
צעפֿאַך,
דיין ליד מאַכט שבת יום־טוב׳דיק
די מיטן וואָכעדיקסטע וואָך.

עמאַ שייוועּר

# מיר זיינען דאָ!

## איינדרוקן און באַטראַכטונגען פון אַ באַזוך
## ביי דער שארית הפליטה

אַרויסגעגעבן דורך דער
יצחק און הענדעלע פאַונדיישאָן, אינק.
דעטראָיט, מישיגען

ניו-יאָרק
1948

געווידמעט צו די שליחים פון
ארץ־ישראל, וועלכע האָבן בקול
דממה דקה און ווי רואה ואינו
נראה׳ס דורכגעפירט די אַרבעט
פון צוריקברענגען די שארית־
הפליטה צו אונזער פאָלק און
צום לאַנד.

זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג,
ווייל קומען וועט נאָך אונזער אויסגעבענקטע שעה,
און ס׳וועט אַ פּויק טאָן אונזער טראָט —
מ י ר  ז י י נ ע ן  ד אָ !

פון גרינעם פּאַלמען-לאַנד ביז ווייטן לאַנד פון שניי,
מיר זיינען דאָ מיט אונזער פּיין, מיט אונזער וויי,
און וואו געפאַלן ס׳איז אַ שפּראָץ פון אונזער בלוט,
וועט נאָך אַ שפּראָץ טאָן אונזער גבורה, אונזער מוט.

עס וועט די מאָרגען-זון באַגילדן אונז דעם היינט,
דער שוואַרצער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן היינט,
און אויב פאַרזאַמען וועט די זון אין דעם קאַיאָר,
ווי א פּאַראָל זאָל גיין דאָס ליד פון דור צו דור.

געשריבן איז דאָס ליד מיט בלוט און נישט מיט בליי,
ס׳איז נישט אַ ליד פון אַ פויגל אויף דער פריי,
נאָר ס׳האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט,
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

דערפאַר זאָג קיינמאָל נישט, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג,
ווייל קומען וועט נאָך אונזער אויסגעבענקטע שעה,
און ס׳וועט אַ פּויק טאָן אונזער טראָט —
מ י ר  ז י י נ ע ן  ד אָ !

הירש גליק, דער מחבר פון אָט דעם ליד, וואָס איז געוואָרן דער הימן פון אַלע יידישע פּאַרטיזאַנען, האָט אפשר אַליין נישט געוואוסט וואָס פאַר אַ גליק ער האָט געגעבן אין לעצטן אויגנבליק זיינע ברידער און שוועסטער אידער זיי האָבן אויפן משונה׳דיקסטן אופן זיך אויף שטענדיק געזעגנט מיט דער וועלט.

אין אָט דעם ליד איז באמת אַרויסגעזאָגט געוואָרן דער אני מאמין פון אָט די אומגליקליכסטע צווישן אַלע אומגליקלעכע אין דער שוידערלעכער וועלט־מלחמה. אין אָט די פּרימיטיווע ווערטער איז געשליידערט געוואָרן דער ענטפער דעם שונא אין פּנים, איז געגעבן געוואָרן אויסדרוק צו דעם בטחון, דאָס שטאַרקסטע געווער, וואָס דער ייד האָט תמיד געהאַט אין זיין אייביקן גרויסן קאַמף קעגן זיינע שונאים אויף דער גרויסער וועלט.

בטחון, גלויבן, צוטרוי, זיכערהייט, אַז עס איז נישט דער לעצטער וועג, אַז עס וועט נאָך קומען די שעה אויך פאַר זיי.

און ווען איך האָב זיי געזען, זיי, די געראַטעוועטע פון גאַז־אויוונס, פון בונקערס, פון לעכער און גריבער, פון באַהעלטענישן אויף בוידימער, פון הינטער דער ערד, אין פעלדער און וועלדער, האָב איך ערשט דערפילט ווי געערעכט עס איז געווען זייער פירשפּרעכער, הירש גליק, ווי ער האָט באַנומען זייער גאַנצן בליק אויף דעם אַלעם, וואָס זיי זיינען דורכגעגאַנגען.

יאָ, בטחון און גלויבן, אַז דאָס איז נישט דער לעצטער וועג.

עס איז געווען דער לעצטער טריט פון די, וואָס זיינען, אונטערן לאַסט פון די יסורים, אין פייער פון קאַלך־אויוון, פון דער קויל, פון דער ביקס, פון דעם גיפט פונעם סמ׳דיקן גאַז, מער נישט אַרויסגעקומען קיין לעבעדיקע, אָבער די, וואָס זיינען געבליבן לעבן, און געבליבן לעבן זיינען זיי מיטן כוח פון זייער וועלן לעבן מיט דער קראַפט פון זייער בטחון — די אַלע, וועלכע האָבן נאָך דעם צייכן פון אַ קערפּער, דעם סימן פון אַ גוף, זיינען אויך געבליבן ביי זייער גייסט און זייער ווילן צו לעבן, נישט פאַרזעצן דאָס לעבן, נאָר אָנהויבן אַ נייַ לעבן.

אַ לעבן פאַר זיך און זייער פאָלק.

ווי אַ חוב, אַ הייליקע משא טראָגן זיי דעם עול אָפּצוצאָלן דעם יידישן פאָלק דעם גרויסן פאַרלוסט פון די מיליאָנען.

זיי טראָגן דעם חוב, זיי ווילן אים צאָלן מיט זייער שטיקל דער־האַלטן לעבן.

האָבן מיר אויך דאָס זעלבע געפיל? האָבן מיר אויך דאָס זעלבע פאַרשטענדניש? האָבן מיר אויך די זעלבע פאָלקס־פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט?

ווער איז די שארית הפליטה אין נאַציאָנאַלן זין, מיר אָדער זיי?

ע מ א  ש י י ו ו ע ר

# איך צאָל מיין חוב

איך בין נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבערין, און ווען אפילו איך וואָלט עס יאָ געווען, וואָלט איך אפשר אויך נישט געקאָנט באַשרייבן דאָס אַלץ, וואָס איך, און וואַרשיינלעך די אַנדערע צווי מיטגלידער פון דער קולטור־דעלעגאַציע, די דיכטער ה. לייוויק און ד״ר ישראל אפרת, האָבן איבערגעלעבט, איבערגעליטן און דורכגעפילט די צייט, וואָס מיר זיינען געווען אויף יענער זייט ים, אין די לענדער, וואו דער משחית האָט אַזוי געשניטן יידישע לעבנס.

אָבער איך בין אַ יידישע טאָכטער. איך האָב געהאַט די מעגלעכ־קייט צו זיין אַן עדות ווי אַזוי די לעבנגעבליבענע ברידער און שוועס־טער אונזערע האָבן אָנגעהויבן צו שטעלן די ערשטע שריט צו זייער ניי לעבן, ווי זיי האָבן גענומען אויפשטיין צוריק תחית המתים נאָך אַ שוידערלעכן גייסטיקן און אויך קערפּערלעכן טויט פון 7 יאָר צייט. און ווי אַן עדות וויל איך דאָס פאַרשרייבן. כ׳וויל נישט באַנוצן קיין פראַזן, קיין מליצה, קיין שיין־רעדעריי, נאָר פּראָסטע, פּשוט׳ע ווערטער, ווי פּראָסט און פּשוט עס איז דערוויַיל זייער לעבן.

אַלץ, וואָס איך שרייב דאָ, באַזיר איך אויף דעם וואָס איך האָב אַליין געזען אָדער געהערט, און וואָס איך האָב פאַרצייכנט אין מיינע נאָטיצן אויפן אָרט און שטעל, אָדער געשריבן אין מיינע בריוו אַהיים צו מיין מאַן און פריינט.

אַהיים ?

אין משך פון מיין פאַרהייראַט לעבן איז מיר אָפט אויסגעקומען אַרויסצופאָרן, אַלס פּראָפעסיאָנעלע זינגערין, אין אַנדערע שטעט, ווייט פון מיין היים, אָבער קיין קינסטלערישער דערפאָלג, קיין באַגייסטערונג פון פּובליקום אָדער גוטע מיינונגען פון דער קריטיק האָבן מיך נישט געקאָנט אַזוי אָנוואַרעמען, אַז איך זאָל בלייבן דערווייטערט פון מיין היים אַיין טאָג לענגער ווי עס איז געווען געפּלאַנט פאַר דעם קאָנצערט.

דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב כמעט פאַרגעסן אין דער היים, דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב געוואָלט פאַרגעסן אין מיין הויז, איז גע־ווען בעת כ׳בין געווען ביי דער שארית הפליטה, ביי די געראַטעוועטע

אין די לאַגערן. דאָס ערשטע מאָל וואָס כ׳האָב מיטן אייגענעם ווילן זיך געריסן ווייטער דאָרט צו בלייבן, ווען עס איז מיר שווער געווען אַוועקצופאָרן, איז געווען, ווען איך האָב, איבער שלעכטע וועגן, איבער צעבראָכענע שאָסייען, אין שווידערלעכע רייזע־באַדינגונגען, זיך געשלעפּט איבער דייטשלאַנד צו זינגען פאַר די לעבנגעבליבענע יידן פון אייראָפּע.

איך האָב דערפילט וואָס דער נביא האָט אָנגערופן „בתוך עמי אנכי יושב״, איך געפין זיך צווישן מיין פאָלק.

און איך האָב געוואָלט ביז לעצט באַצאָלן מיין פאָלקס־חוב, געבן אָט די אומגליקלעכע פרייד, פאַרגניגן, גייסטיקע הנאה, צוריק אויפלעבן פאַר זיי דאָס כמעט פאַרגעסענע יידישע און העברעאישע ליד, ברענגען זיי דורך קלאַנג דעם ריח פון ארץ־ישראל צו וועלכן זיי שטרעבן אַזוי מיט אַלע זייערע חושים, צוריק אויפפרישן פאַר זיי דאָס ליד, וואָס זיי האָבן אין זייער קינדהייט געהערט פון זייערע מאַמעס, וועלכע זיינען אויסגעגאַנגען פאַר זיי אין פייער פון אויוון אָדער אין גאַז.

און וואָס מער איך האָב,ביים זינגען, געזען זייערע ליכטיקע אויגן, וואָס מער איך האָב געהערט זייער כמעט איינגעהאַלטענעם אָטעם, אַלץ מער האָב איך דערפילט, אַז עס קומט זיי נאָך און נאָך.

איך האָב געזונגען פאַר צענדליקער טויזנטער, וואָס זיינען די יורשים פון מיליאָנען און איך האָב געפילט ווי איך האָב נאָך מיין חוב פאַר די אַלע מיליאָנען נישט אָפּגעצאָלט און מער וויפל זיי זיינען מיר געווען דאַנקבאַר, ביז איך געווען איבערפולט מיט דאַנק צו זיי, צו מיינע צוהערער.

אַ חוב פון אַ יידישע טאָכטער צו אירע שוועסטער און ברידער.

## דער געדאַנק וועגן אַ קולטור־דעלעגאַציע

ווען מען פלעגט רעדן וועגן יידנטום אין מזרח־אייראָפּע, האָט מען שטענדיק אונטערגעשטראָכן זייער גייסטיקע פיזיאָנאָמיע, זייער לומדות, זייער שטרעבן צו וויסן, זייער קולטורעלן מצב, וואָס איז אָן אַ פאַרגלייך צו זייער שווערן עקאָנאָמישן צושטאַנד, אָבער ווען דער חורבן איז געקומען, ווען מען האָט דאָ, אין אַמעריקע, אָנגעהויבן צו פּרוּוון היילן

זייערע וואונדן, צוריקשטעלן אויף די פיס די לעבן־געבליבענע, האָט מען אַלץ געדעדט וועגן עקאָנאָמיק, וועגן זייערע פיזישן מצב, וועגן ברויט און קלייד, וועגן עסן און געלעגער, וועגן מלבוש און שיך, אַלץ וועגן קערפּער, פּונקט ווי עס וואָלטן גאָרנישט געווען קיין גייסטיקע פאַרלאַנ־גען ביי אָט די מענטשן.

און עס איז געווען אין אַ שרעקלעכן דיסאָנאַנס צו דעם בילד אין וועלכן מען האָט פאַר דער מלחמה געשילדערט די זעלבע יידן.

אָט דער געדאַנק פּלעגט מיך און מיינע נאָענטע פריינט אָפּט מוטשן:

— זאָל דער חורבן האָבן אַזוי צעבראָכן אָט די מענטשן, אַז זיי באַג־נוגנען זיך נאָר מיט דעקן די באַדערפענישן פאַר זייער קערפּער, און זייער גייסט איז אינגאַנצן אַזוי טויט, אַזוי אָפּגעשטאָרבן, אַז ער דאַרף גאָרנישט?

אָבער אין אַלע קאמפּיינס האָט מען פאָרט גערעדט נאָר בלויז וועגן עסן און עסן, קליידונג און אַנדערע זאַכן פון טאָג־טעגלעכן לעבן.

און אַלע שליחים, וואָס זיינען געפאָרן אַהין, זיינען נאָר געווען צו לייזן אָט די פּראָבלעמען.

אַזעלכע גרוסן האָט מען אונז געבראַכט אין זייער נאָמען.

ביז...

עס האָבן אָנגעהויבן דערגיין ידיעות, אַז עס איז נישט אַזוי: די גע־ראַטעוועטע האָבן נישט נאָר געראַטעוועט זייערע קערפּערס, נאָר אויך זייער גייסט, און זיי בענקן נאָך עפּעס גייסטיקעס.

זיי ווילן אַ גרוס פון יידישקייט, פון אַלט און ניי־יידישקייט, פון דעם, וואָס פאַרבינדט אַלע יידן, פון דעם צוליב וואָס זיי האָבן מיט אַזוי פיל בטחון געשטעלט זייערע לעצטע טריט אין דער געטאָ און דאָך געגלויבט, אַז דאָס זיינען נישט די לעצטע טריט, אַז דאָס איז נישט דער לעצטער וועג.

און זייער פאַרלאַנג, זייער פאָדערונג נאָך אַ יידישן קולטור־גרוס האָט אָנגעהויבן אָפּצוקלינגען אין די אינסטאַנצן, וואָס האָבן דאָ אָנגע־פירט מיט זייער רעטונג, אַז זיי ווילן אויך אַ יידישע קולטור־דעלעגאַ־ציע.

דאָ, ווי תמיד, האָט אויפגעפלאַמט אונזער יידישער סקעפּטיציזם, די ספקות און צווייפלונגען, און מען האָט דעם ענין אַקצעפּטירט, נאָר אָוועקגעלייגט אויף שפּעטער, לכשירחיב...

די יידן דאָרט אָבער האָבן געמאָנט, און — אין אַ שיינעם טאָג איז דאָ באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן אַזאַ דעלעגאַציע.

דאָס גערעדטע יידישע און העברעאישע וואָרט האָט באַקומען איר אויסדרוק דורך אירע צוויי באַרימטע פּאָרשטייער, אַ יידישער און אַ העברעאישער דיכטער, און דאָס געזונגענע וואָרט, דער יידישער ניגון, דער ניגון, וואָס האָט אונז געפירט פון בית־המקדש ביז איבער די היילן פון די מאַראַנען, ביז די פעלדער פון עמק און אין די געטאָס פון וואַרשע און לאָדזש, פון ביאַליסטאָק און ווילנע, — דורך אַ יידישע זינגערין.

## דער אָנפאַנג איז געמאַכט געוואָרן אין אָסוויגאָ

דאָס פּאַרגעניגן אויפצוטרעטן פאַר געראַטעוועטע יידן פון דער וועלט־מלחמה האָב איך געהאַט נאָך אין אָקטאָבער 1944. אויף יענער זייט ים האָט נאָך געבושעוועט די מלחמה, אָבער טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך געהאַט געראַטעוועט פון היטלערס נעגל דורך איטאַליע, זיינען דורך אַ ספּעציעלן באַפעל פון פּרעזידענט רוזוועלט אַריינגעלאָזט געוואָרן אין אָסוויגאָ, אַמעריקע, און דאָ פלעגן זיי טיילמאָל באַזוכט ווערן פון יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, קולטור־פאָרשטייער און אויך יידישע קינסטלער.

ווען איך בין אויפגעטראָטן פאַר זיי, וואָס זיינען על פּי רוב באַשטאַנען פון די אַזוי־גערופענע אַנדערש־שפּראַכיקע, יוגאָסלאַווישע, יידן פאַר וועמען יידיש אָדער העברעאיש זיינען מערסנטס געווען אומבאַקאַנט, האָב איך דערפילט ווי דאָס אומגליק האָט זיי דערנענטערט צו אַט די שפּראַכן אונזערע. כ׳האָב געזען פון זייער רעאַגירן אויף די געזונגענע לידער ווי זשעדנע זיי זיינען געווען צו הערן אַ יידיש אָדער העברעאיש ליד, ווי זייער האַרץ האָט געוואַקסן, ווי זייערע אויגן האָבן געלויכטן, און איך האָב גענומען טראַכטן ווי דערלעבט מען שוין

די מינוט ווען מען וועט קאָנען צוקומען צו די יידן אין איראָפּע, פֿאַר וועמען יידיש און העברעאיש איז נישט קיין פרעמדע זאַך, נאָר זייער אייגענע.

אָט דער געדאַנק האָט מיך שוין נישט געלאָזט רוען. מיין פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט. איך האָב מיך שוין געזען פאָרן קיין איראָפּע, און איידער וואָס־ווען, נישט האָבנדיק נאָך קיין שום קאָנקרעטעס, האָב איך זיך שוין אָנגעהויבן צוצוגרייטן מיט אַ פּאַסיקן פּראָגראַם פאַר אָט די קאָנצערטן.

ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָב איך איבערגערעדט מיט מיין מאַן, אַז איך וואָלט שטאַרק געוואָלט פאָרן קיין איטאַליע, וואו עס איז דעמאָלט געשטאַנען די „יידישע בריגאַדע", און דאָרט פאַר זיי אויפֿטרעטן. אָבער דאָס איז געווען אַן אוממעגלעכע זאַך. די „יידישע בריגאַדע" איז דאָך געווען אונטער דער ענגלישער מיליטער־פאַרוואַלטונג, און צוקומען צו זיי האָט זיך געפאָדערט אַ דערלויבניש פון דער ענגלישער מיליטערישער מאַכט, וואָס איך, אַלס אַמעריקאַנערין, וואָלט נישט באַקומען. קיין אַמעריקאַנער אינסטיטוציע האָט אויך נישט געקאָנט קיינעם דאָרט צושיקן.

דער פּלאַן פון אַזאַ רייזע איז געווען נישט מער ווי אַ חלום, אָבער פון די חלומות, וואָס לאָזן נישט רוען. אין אַ שמועס מיט חבר ברוך צוקערמאַן האָב איך זיך פאַרטרויט וועגן מיין פאַנטאַסטישן פּלאַן, און ער, דער אימפּעטיקער אידעאַליסט, האָט דערקלערט, אַז די זאַך איז אַ גאַנץ גלייכע. אַ סימן, אַז דער „יידישער וועלט־קאָנגרעס", מיט וועלכן ער איז פאַרבונדן, אַרבעט שוין אויף אַזאַ פּלאַן, און ער וועט זען מיך צו פאַרבינדן מיט זיי. חבר צוקערמאַן האָט טאַקע געהאַלטן זיין וואָרט. אין אָקטאָבער 1945 האָב איך פון „קאָנגרעס" באַקומען אַ ידיעה, אַז זיי האָבן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג וועגן אַ קאָנצערט־טור איבער די לאַגערן פון איראָפּע, וואו עס געפינט זיך אונזער שארית הפליטה.

אין אַ געוויסן טאָג איז צוקערמאַן געקומען אין מיין היים־שטאָט דעטראָיט און מיך געפרעגט צי איך בין גרייט צו פאָרן, ווייל דער „יידישער קאָנגרעס" פירט שוין אונטערהאַנדלונגען מיט די געהעריקע מילי־

טערישע אינסטאַנצן וועגן דערלויבן אָט די רייזע. ווי איך האָב שפּעטער זיך דערוואוסט, האָט דער „קאָנגרעס" אָוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צו ריכטער ריפקינד, גענעראַל אייזענהויערס ראַטגעבער פאַר יידישע ענינים אין אַמעריקאַנער באַזעצטן געביט פון דייטשלאַנד און עסטרייך מיט אַ פאָרשלאַג וועגן דיכטער לייוויק, מיר און אַ געוויסן יידישן שוי־שפּילער, אַז מיר זאָלן בערך אין פעברואַר אָדער מערץ קומען אויפטרעטן אַלס קולטור־דעלעגאַציע אין די קעמפּס. דער ענטפער פון ריכטער ריפקינד איז געווען אַ פּאָזיטיווער. ער האָט אפילו באַנוצט דעם אויס־דרוק, אַז עס איז אַ גוטע אידייע.

כ'ווייס נישט פון וועלכער זייט עס האָבן זיך אָנגעהויבן שטערונגען צו שיקן אָט די דעלעגאַציע. עס איז געקומען אַן ענדערונג אין צונויפ־מענשטעל פון דער דעלעגאַציע. אַנשטאָט דעם יידישן שוישפּילער איז באַשטימט געוואָרן דער העברעאישער דיכטער ד"ר ישראל אפרת. אָבער ווען דאָ איז מען שוין ענדלעך דורכגעקומען, איז פּלוצלונג געקו־מען אַן אָפּזאָג פון דער אַמעריקאַנער מיליטערישער מאַכט קעגן אַריינ־לאָזן די דעלעגאַציע אין אַמעריקאַנער באַזעצטן געביט. דער „יידישער וועלט־קאָנגרעס" האָט אָבער באַשלאָסן בשום אופן זיך נישט צוריקצו־ציען פון זיין פּלאַן. מ'האָט אָנגעהויבן אָנצוקומען צו פּראָטעקציע. מ'האָט זיך געווענדעט צו גאָר הויכע פענסטער. מ'האָט געקלאַפּט טרעוואָגאַ, און ענדלעך האָבן די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע באַקומען זייערע וויזאַס.

די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך אָבער אַזוי פאַרצויגן, אַז אנשטאט צו פאָרן ווי לכתחילה געפּלאַנט, אין פעברואַר אָדער מערץ, זיינען מיר ערשט דעם 8־טן אַפּריל 1946 אַרויף אויף דער שיף „עריקסאָן" אָפּ־צופאָרן קיין אייראָפּע. מיר האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיט אונזערע נאָענטע, אַרויפגעשלעפּט דעם גאַנצן באַגאַזש אונזערן. אויסער די נויטיקע זאַכן פאַר זיך גופא, האָבן מיר געפירט מיט זיך קליידער איבערצולאָזן אויף יענער זייט פאַר באַדערפטיקע, וויטאַמינען און אויך גייסטיקע וויטאַ־מינען; ביכער און מוזיק־נומערן.

מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז פּסח וועלן מיר פּראַווען אויף דער שיף.

אין אונזער פאַנטאַזיע האָבן מיר געזען דעם אונטערשיד פון יאָרהונ־דערטער. מיט עטלעכע טויזנט יאָר צוריק זיינען אונזערע ברידער אַרויס פון מצרים און זיך געלאָזט איבערן ים־סוף און געפייערט פסח אין דער מדבר און איצט לאָזן מיר זיך אין מאָדערנעם מצרים, וואו אונזערע ברידער זיינען אויסגעשטאַנען נאָך מער צרות ווי ביי פרעה׳ן, אָבער מיר וועלן אונזער פסח פייערן דווקא אויפן ים.

אָבער איידער מיר האָבן נאָך צעוואַרעמט אונזער פאַנטאַזיע, האָט דיווירקלעכקייט זיך אַריינגעמישט און עס האָט זיך געשאפן אַ לאַגע אויף וועלכער מיר האָבן זיך גאָרנישט געריכט. די שיף איז געווען איבער־פולט, אָנגעפּאַקט ווי הערינג אין פעסלעך. 18 פערזאָן אין אַ קאַיוטע. פרויען האָט מען שוין בעסער באהאנדלט, זיינען מיר אויך געווען 15 אין איין קאַיוטע. וועגן באַקוועמלעכקייטן האָט שוין נישט געקענט זיין קיין רייד. וואָלטן מיר נישט באַדאַרפט טאָן אַרבעט אויף יענער זייט, וואָלטן מיר עס אפשר פאַר ליב גענומען, אָבער מיר האָבן דאָך געדאַרפט קומען אויסגערוטע כדי צו טאָן אַ גייסטיקע אַרבעט. אונזער אַנטוישונג איז געווען זייער גרויס, ווייל מיר האָבן געגלויבט, אַז אַלס אַ דעלעגאַציע וועלן מיר האָבן געוויסע באַקוועמלעכקייטן און פאָרן אַביסל ברייוח׳ער, און דאָ אַזאַ ענגשאַפט, אַזאַ שטופעניש. דער ערשטער איינדרוק איז באַלד געווען אַ שרעקלעכער, און שוין האָבן מיר אָנגעהויבן טראַכטן וועגן ווייסט וואָס עס דערוואַרטעט אונז נאָך ווייטער. אָבער באַקלאָגן זיך איז נישטאָ פאַר וועמען. אונזערע באַגלייטער האָט מען נישט נאָר ביט אַרויפגעלאָזט אויף דער שיף, נאָר מען האָט זיי אפילו נישט צוגע־לאָזט נאָנט צו דער שיף.

עס איז געקומען די צייט ווען די שיף האָט געדאַרפט אָפּגיין, אָבער זי רירט זיך נישט פון אָרט. די סיבה האָבן מיר נישט געוואוסט. מיר האָבן נאָר געזען פון דער ווייטנס ווי אַ טייל פון אונזערע באַגלייטער שטייען אויף דער גאַס און וואַרטן צו זען וואָס עס וועט זיין מיט אונז. צווישן די וואַרטנדע איז אויך געווען מיין מאַן, וועלכער האָט שוין גע־האָט אַ ידיעה פון דעם באַגאַזש־טרעגער ווי עס זעט אויס אויף דער שיף, און ער האָט געזוכט תחבולות ווי אַזוי אַרויפצוקומען אויף דער שיף.

# מיר פליען, נישט מיר פאָרן

אָפּגעשטאַנען עטלעכע שעה, באַקומען מיר אַן אָפיציעלע ידיעה, אַז צוליב געוויסע סיבות וועט אונזער שיף אָפּגיין ערשט צו מאָרגנס, און, ווער עס וויל, קאָן דערווייל אַראָפּגיין אויף עטלעכע שעה פון דער שיף צוריק אין שטאָט אַריין. אין דעם מאָמענט האָט זיך אויף דער שיף אומדערוואָרט באַוויזן מיין מאַן און אונז איבערגעגעבן דעם סוד, אַז אויף דער שיף איז אויסגעבראָכן אַ סטרייק צוליב וואָס זי פאָרט דערווייל נישט. זעענדיק מיט זיינע אויגן די סיטואַציע אויף דער שיף, האָט מיין מאַן אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז מיר זאָלן נישט אַראָפּגיין צייטווייליק פון דער שיף, נאָר מיר זאָלן זיך בכלל צוריקציען פון פאָרן מיט דער שיף, ווייל די רייזע וועט פון אונז מאַכן אַ תל.

ס'איז גוט אַראָפּצוגיין פון דער שיף. וואָס טוען מיר אָבער ווייטער? יעדע נעקסטע שיף איז אויך נישט ווייניקער געפּאַקט.

און דאָ איז מיין מאַן אַרויסגעקומען מיטן פּלאַן פון פליען מיט אַן עראָפּלאַן. אָבער כדי צו פליען, דאַרף מען ווידער האָבן אַנדערע פּאַ־פּירן און אויך אַ ספּעציעלע דערלויבניש, און עס איז אויך נאָך אַ גרוי־סע פראַגע וועגן פּלאַץ.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען צווישן „יידישן וועלט־קאָנגרעס" און דער געהעריקער מאַכט פון איין זייט און דער עראָפּלאַן־געזעלשאַפט פון דער אַנדערער זייט, ביז עס איז אונז פאָרט געלונגען צו קריגן ביידע זאַכן: אי אַ דערלויבניש צו פליען, אי פּלאַץ אין עראָפּ־לאַן.

אָבער דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַן עסק מיט אונזער באַגאַזש. אַ שיף איז אַ גבור און שלעפּט אַ סך באַגאַזש. אויף אַן עראָפּלאַן, דערצו פאַר אַזאַ ווייטער נסיעה ווי קיין אייראָפּע, וועגט מען און מען מעסט יעדעס שטיקל באַגאַזש. האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערפּאַקן פון באַ־גאַזש, מבער זיין געוויסע זאַכן, פאַרקלענערן קוואַנטומס פון געוויסע זאַכן, ביז ענדלעך האָט מען אַלץ איבערגעפּאַקט, ווידער זיך געזעגנט מיט די אייגענע, און אָנגעטאָן אין אוניפאָרמען פון „אונרא", האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין עראָפּלאַן.

אַרויסגעפלויגן פון ניו־יאָרק זיינען מיר דריי פאַרטאָג. אַ שטאָק פינסטערניש. מען זעט גאָרנישט. די נאַטירלעכע שרעק, וואָס עס פילט יעדער איינער, וואָס פליט אין אַן עראָפּלאַן, איז ביי אונז פאַרביטן געוואָרן מיט דער צופרידנקייט וואָס שנעלער אָנצוקומען צו אונזער ציל. נאָכדעם ווי מיר האָבן חדשים לאַנג געוואַרט אין אַמעריקע און גאַנץ אָפט געשטאַנען פאַר דער געפאַר, אַז פון אונזער רייזע זאָל גאָרנישט ווערן, זיינען מיר איצט ווידער אין אַ מאָדנער שטימונג, וואָס אנשטאט זיך צו שלעפּן איבער אַ וואָך צייט אויפן ים, וועלן מיר אין איין טאָג זיין אין אייראָפּע.

אונזער ערשטער אָפּשטעל איז געווען אין ניו פאונדלענד. עטלעכע שעה דרייען מיר זיך ווידער אַרום אויף גאָטס ערד, דאָס מאָל באַלייגט מיט שניי. מאָדנע — אָט זיינען מיר געווען אין אַ זומערדיקער אַטמאָספערע, און אָט זיינען מיר שוין אין אַ ווינטערדיקער. וועט אונזער קומען צו די גרעסטעוועטע יידן פאַר זיי אויך אַזוי ענדערן זייער אַטמאָספערע ? וועלן מיר זיי ברענגען זומער אַנשטאָט דעם לאַנגן ווינטער, וואָס זיי האָבן געהאַט ?

ווידער אַריין אין עראָפּלאַן, אָבער דאָסמאָל פליען מיר שוין איבערן ים, איבערן גרויסן אָקעאַן, דער ים, וואָס איז די שוץ־וואַנד צווישן אייראָפּע און אַמעריקע, און קאָן דאָך נישט פאַרהיטן, אַז אַלע צרות פון יענער זייט ים זאָלן זיך נישט לאָזן פילן אויך ביי אונז. מיר פליען אַזוי הויך, און די רייזע איז אַזאַ לייכטע, אַזוי אָנגענעם, אַז איך האָב דאָס געפיל ווי איך פלי ערגעץ איבער אַמעריקע. אַפילו ווען מיר האָבן שוין געשטעלט אונזערע פיס אויף דער ענגלישער ערד, ווען מיר האָבן שוין געענדיקט אונזער לופט־רייזע, און ווען די ענגלישע באַאַמטע האָבן זיך אַ לאָז־געטאָן צו אונז רעווידירן אונזערע דאָקומענטן און באַגאַזש, האָב איך נאָך אַלץ נישט געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין מער נישט אין אַמעריקע, נאָר אין דעם פיל־געגאַרטן אייראָפּע. די שפּראַך די זעלבע. קיין סימן פון מלחמה. אַ רואיקע, אָנגענעמע באַציאונג און האַלטונג פון די באַאַמטע.

אָבער אָט דער געפיל האָט זיך באַלד געענדערט.

4 שעה האָט גענומען די רייזע אין אַ באַס פון דער קליינער לופט־סטאַציע אין הוירן ביז לאָנדאָן, אַ שטח פון בערך 100 מייל. אויפן וועג האָבן מיר נאָך אַלץ נישט געזען קיין סימנים פון דער מלחמה. אַ שיינע לאַנדשאַפט, אַלץ האָט געבליט. עס האָט זיך גאָרנישט געגלויבט, אַז דאָס פּאָרן מיר אין דעם לאַנד, וואָס האָט אַזוי געליטן פון דער מלחמה. אָבער וואָס מער מיר האָבן זיך דערנענטערט צו לאָנדאָן, אַלץ מער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו זען די צייכנס, וואָס די בלוטיקע באָמבאַרדירונ־גען האָבן איבערגעלאָזט.

מיר האָבן ערשט איצט דערזען, אַז מיר זיינען אין אייראָפּע, און גענומען פילן, אַז מיר זיינען שוין נאָנט צו אונזער ציל — צו די אומ־גליקלעכע מלחמה־קרבנות.

## עס הויבן זיך אָן די צרות

ביים אָנקומען אין באַס־דיפּאָ האָט אונז באַגעגנט אַ דעלעגאַציע פון „יידישן וועלט־קאָנגרעס", וועלכע האָט אונז אָפּגעפירט אין אַ האָטעל. זיכער זיינען מיר געווען מיד פון דער רייזע, אָבער דער ווילן וואָס שנע־לער צו קומען אין קאָנטאַקט מיט די געראַטעוועטע יידן איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן זיך רעכט נישט אָפּגערוט און זיינען אַוועק אין הויפּט־אָפּיס פון „אונרא". דאָ האָט אונז אויפגענומען דער הויפּט־באַ־אַמטער סער מייקל קרעיג. ער איז געווען גוט אינפאָרמירט וועגן די אויפגאַבן פון אונזער דעלעגאַציע. ווי אַן ענגלענדער האָט ער אַרויס־געוויזן זייער פיל העפלעכקייט. פון זיינע ליפּן איז די גאַנצע צייט נישט אַראָפּ דער שמייכל. מיר האָבן אים אָנגעוויזן, אַז אַזוי ווי עס איז שוין באַלד פסח, וואָלטן מיר זייער געוואָלט אַז דעם גרויסן יידישן באַפריי־אונגס יום־טוב זיין צוזאַמען מיט די באַפרייטע יידן. ער האָט אונז גע־ענטפערט, אַז ער פאַרשטייט זייער גוט אונזערע געפילן, אָבער...

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע צרה:

כדי מיר זאָלן זיך לאָזן ווייטער אין וועג אַריין, פעלט אונז אַ גע־וויסער דאָקומענט, וואָס האָט געדאַרפט צוגעשטעלט ווערן פון וואַשינג־טאָן, אָבער ער איז נאָך נישטאָ.

מיר האָבן געפּרואווט טענה׳ן, אַז מיר זיינען נישט קיין באַאַמטע און מיר קענען זיך נישט אויף די אַלע אָפיציעלע דינים, און אויב מען האָט אין וואַשינגטאָן געדאַרפט אונז באַזאָרגן מיט אַ געוויסן דאָקומענט, האָט מען אונז געדאַרפט אָדער אים געבן אָדער נישט לאָזן פאָרן אָן אים.

אָבער רייד אַהער, רייד אַהין, שמייכלען שמייכלט ער טאַקע דער סער קרעיג, אָבער אָן דעם דאָקומענט קאָנען מיר זיך נישט לאָזן אין וועג אַריין. די איינע זאַך, וואָס ער קאָן טאָן פאַר אונז, איז, אַז ער וועט זיך ווענדן וועגן דעם תיכף ומיד קיין וואַשינגטאָן, דערקלערן אונזער לאַגע, און מיר דאַרפן האָפן, אַז אין איניקע טעג אַרום וועלן מיר קריגן דעם דאָקומענט און קאָנען אָנהויבן אונזער טעטיקייט.

הייסט עס, אַז פּסח וועלן מיר שוין אין די קעמפּס נישט זיין, און מיר דאַרפן זיך באַזאָרגן צו פּראַוון די סדרים אין לאָנדאָן.

לאָזן מיר זיך אַביסל אַרויס איבער לאָנדאָן, אָבער, ווי יידן, זיינען מיר קודם כל פאַראינטערעסירט צו זען וואָס עס איז געוואָרן פון דער באַרימטער יידישער געגנט ווייטשעפּל. צי ווייל די געגנט איז ביי די דאָקס, צי טאַקע ווייל דאָ האָט געוואוינט די געדיכטע יידישע באַפעל־קערונג, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז די געגנט איז אַממערסטן באָמבאַר־דירט געוואָרן פון די דייטשן, און טאַקע געוואָרן כמעט אַ תל. יידיש האָב און גוטס, וואָס איז דעראָבערט געוואָרן זינט צענדליקער יאָרן דורך די ערשטע יידישע אימיגראַנטן פון איראָפּע, וועלכע האָבן זיך געהאַט געלאָזט קיין אַמעריקע און האָבן זיך אָפּגעשטעלט „צייטווייליק" אין ענגלאַנד, אָבער שוין דאָרט פאַרבליבן און געשאַפן דאָס יידישע לאָנדאָן, איז כמעט ווי אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן. פון גאַנצע גאַסן איז נישט געבליבן קיין סימן, און צוזאַמען מיט די חרוב׳ע געשעפטן און וואוינ־הייזער זיינען אויך געפאַלן געגנוג יידישע לעבנס איידער זיי האָבן זיך באַוויזן אַרויסצוראַטעווען אין דער ענגלישער פּראָווינץ.

קיין שטאַרק אַנטוויקלט יידיש לעבן האָב איך נישט באַמערקט, אפילו נישט אויף די צוזאַמענקונפטן מיט די אָרטיקע יידישע שרייבער,

וואָס האָבן איינגעאָרדנט פאַר די צוויי דיכטער־געסט אַ קבלת־פּנים, וואו איך בין געווען אַ פּינפטער ראָד צום וואָגן.

די סדרים האָבן מיר פאַרבראַכט אויף אַ טראַדיציאָנעלן אופן אין אַ באַלעבאַטישער יידישער שטוב. מען האָט געטאָן אַלץ צו מאַכן אונז פילן היימיש, אָבער אונזער געמיט איז נישט געווען צו גוט, ווייל מיר האָבן געבענקט וואָס פריער צו זיין אין די קעמפּס.

אונזער בענקשאַפט איז אָבער נישט באַלד באַפרידיקט געוואָרן. אַ וואָך צייט האָט גענומען ביז מען האָט אונז אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז דער נויטיקער דאָקומענט איז אָנגעקומען פון וואַשינגטאָן. טאַקע אויפן סמך פון דעם דאָקומענט האָבן מיר באַקומען די דערלויבניש אָפּצופליען קיין דייטשלאַנד אין אַ מיליטערישן עראָפּלאַן. אויסער דער מאַנשאַפט איז די גאַנצע רייזנדער־גרופּע באַשטאַנען פון 8 מענער און 1 פרוי, טאַקע איך. יעדער איינער פון די אַנדערע זעקס מענער איז געווען עפּעס אַ גאַנצער שישקע: אַמווייניקסטן אין ראַנג פון אַ מאַיאָר. עס איז געווען אַ גוואַלדיק אינטערעסאַנטער וועג. מיר זיינען געפלויגן איבערן שטח, וואו עס זיינען פאָרגעקומען די באַרימטע שלאַכטן, וואָס האָבן אפשר אַנטשידן דעם גורל פון דער וועלט. אַ שטאַרקע נייגעריי־קייט האָט אונז אַרומגענומען צו זען וואָס די מלחמה האָט דאָ אָנגעטאָן, אָבער מיר זיינען געפלויגן אַזוי הויך, אַז מער ווי וואָלקנס האָבן מיר נישט געזען. ענדלעך האָט זיך דער עראָפּלאַן שוין יאָ אַביסל אַראָפּ־געלאָזט און מיר האָבן דערזען די זיגזאַג־ליניעס פון דער באַרימטער זיגפריד־ליניע. אין אַ שעה דריי אַרום זיינען מיר צוגעקומען צו פראַנק־פורט.

כאָטש מיר האָבן שוין געזען די שפּורן פון דער מלחמה אין לאָנדאָן, האָבן מיר אָבער ערשט דאָ אין דער באַרימטער דייטשער שטאָט דערזען דעם אמת'ן חורבן פון דער מלחמה. בלאָק נאָך בלאָק, גאַס נאָך גאַס זיינען געווען ווי אָפּגעווישט. וואו אונזער בליק איז געפאַלן, האָבן מיר געזען נאָר סקעלעטן פון הייזער. מיטן ערשטן אינסטינקט האָבן מיר דערפילט די גאַנצע שרעק וואָס די באַפעלקערונג האָט איבערגעלעבט ווען זי איז באָמבאַרדירט געוואָרן. מען האָט אין דער ערשטער רגע

נישט געקאָנט טראַכטן, אַז עס איז אפשר גאָר אַ זינד צו האָבן רחמנות אויף אָט די רשעים, וואָס האָבן אַזוי מערדערלעך געהאַנדלט קעגן דער וועלט און אַזוי חיה׳ש ספּעציעל קעגן אונזער פאָלק.

אין אָוונט זיינען מיר מיט דער באַן געפאָרן קיין מינכען.

דאָ זיינען מיר, צום ערשטן מאָל, געקומען אין פּערזענלעכן קאָנ־טאַקט מיט דייטשן.

## עס קלאַפּט נישט...

אויף דער באַן־סטאַציע זיינען אונז באַפאַלן דייטשן ווי פליגן וואָרפן זיך אויף נאַשוואַרג. יעדער איינער, גרויס און קליין, יונג און אַלט, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו טראָגן אונזער באַגאַזש. עס איז געווען קענטיק, אַז זיי קוקן שוין לאַנג אויס אויף אַ שטיקל פאַרדינסט. זיי זיינען געווען דאַר, מאָגער, אויסגעהונגערט און אויסגעבענקט נאָך אַ סיגאַרעט.

לאָמיך זאָגן דעם אמת — דער ערשטער איינדרוק איז געווען אַ רחמנות. מענטשן! אָבער באַלד האָט דער מוח אָנגעהויבן אַרבעטן. זיי־נען זיי דאָך די פאַרניכטער, די מחבלים, די משחיתים, וואָס האָבן אַזוי קאַלטבלוטיק אויסגעמאָרדעט, ווי נאָך קיינמאָל זינט די וועלט שטייט, דיין פאָלק. איז דאָך אפשר יעדער איינער פון זיי דירעקט אָדער אומ־דירעקט געווען באַטייליקט אין דער שחיטה איבער דיין פאַמיליע, אי־בער דיינע פריינט, דיינע חברים, דיינע לאַנדסלייט.

עס איז פאָרגעקומען ביי מיר אַ קאַמף צווישן די געפילן אַלס מענטש און אַלס ייד. און דער ידישער געפיל האָט געזיגט. ניין, מען טאָר זיי נישט מוחל זיין. יעדער איינער פון זיי איז אַ שותף אין דעם בעסטיאַלישן מאָרד איבער מיין פאָלק.

מיר האָבן דערוואַרט, אַז אַ פאַרטרעטערשאַפט פון „יידישן וועלט־קאָנגרעס״ זאָל אונז קומען אָפּנעמען ביים וואָקזאַל, אָבער קיינער איז נישט געקומען. נישט נאָר די אָרטיקע אָפּטיילונג פון „וועלט־קאָנגרעס״, נאָר אפילו דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן, צו וועמען מיר זיינען דאָך אייגנטלעך געפאָרן, האָט אויך נישט געוואוסט וועגן

אונזער אָנקומען. מיר האָבן געוואַרט אויפן וואָקזאַל עטלעכע שעה, אָבער קיינער איז נישט געקומען אונז באַגעגענען, און דאָ זיינען מיר פרעמדע. מיר ווייסן נישט וואוהין צו פאָרפאָרן, און אפילו ווען מיר וואָלטן יאָ געוואוסט, קאָנען מיר נישט פאָרן, ווייל מיר ווילן אונזער באַגאַזש נישט איבערלאָזן, און מיט וואָס עס אָוועקצופירן איז נישטאָ, ווייל קיין טעקסי קאָן מען נישט קריגן. עס איז טאַקע שוין נאָך דער מלחמה, אָבער מיר זיינען אין אָקופּירטן געביט. האָבן מיר באַשלאָסן אַריינצוגיין אין נאָנטן „רויטן קרייץ". דאָרט האָבן מיר געטראָפן אַ מאַן, וואָס האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ ייד. מיר האָבן זיך איינגעשטעלט און אים געפרעגט: אַוודאי איז ער אַ ייד, און נאָך וואָס פאַראַ ייד, טאַקע פון ארץ־ישראל, ד״ר שאַפּיראָ.

דערהערט וועגן אונזער לאַגע, האָט ער אונז שוין נישט אָפּגעלאָזט, האָט אונז צוזאַמענגעפירט מיטן העדקוואַטער פון דער „אונראַ", און מיר האָבן זיך דאָרט מיט שוועריקייטן איינגעאָרדענט.

מיר זיינען שוין אָבער גוואַלדיק נייגעריק קענען צו לערנען אונזערע אייגענע מענטשן און צוטרעטן צו אונזער אַרבעט, און דאָ הערן מיר גאָרנישט פון זיי.

מיר האָבן שוין איינגעזען, אַז עס „קלאַפּט" נישט. די אָרגאַניזירונג אַרבעט נישט ווי עס דאַרף צו זיין. איצט איז אָבער צו שפּעט זיך צו ברוגז'ן. איצט טאָר מען נישט וואַרטן אויף כבוד, נאָר וואָס פריער זיך באַוויזן פאַר די, וועלכע וואַרטן זיכער אויף אונז און ווען מיר זיינען שוין אַזוי געוואַלדיק נייגעריק צו זען.

עטלעכע קילאָמעטער פון מינכען, אין סענט אָטיליען, געפינט זיך דאָקטאָר זלמן גרינבערג, דער פאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן. דאָס בעסטע וואָלט געווען אים צו טעלעפאָנירן וועגן אונזער אָנקומען, און ער וואָלט זיכער תיכף געקומען אונז אָפּנעמען, אָבער קיין טעלעפאָנישע פאַרבינדונג איז נישטאָ. האָבן מיר אָנגענומען די עצה פון ד״ר שאַפּיראָ צוצופאָרן מיט אַ דזשיפּ צום ד״ר גרינבערג. דער דיכטער אפרת האָט ניט געקענט פאָרן, בין איך מיט לייוויקן געפאָרן. עס איז אינגאַנצן אַ שטח פון 40 קילאָמעטער, אָבער דער

וועג איז שוידערלעך שלעכט אַלס רעזולטאַט פון דער מלחמה. אַט די רייזע האָט מען געקאָנט פילן.

ענדלעך זיינען מיר האַלב־טויטע אָנגעקומען אין סענט אטיליען, ד״ר גרינבערגס אויפהאַלט־פּלאַץ, וואו עס איז אַמאָל געווען אַ מאָנאַס־טיר.

פאַר דער מלחמה און פאַר דעם גרויסן חורבן, וואָס עס איז אונז געשען, איז דער נאָמען פון ד״ר גרינבערג געווען כמעט אומבאַקאַנט, אָבער, ווי א סך אַנדערע, האָט ער אָנגעהויבן דווקא אונטער די שווער־סטע באַדינגונגען אין די געטאָס און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערס, צו זיין אַקטיוו, און באַלד אַרויסגערופן צו זיך די גרעסטע אַכטונג צווישן די דאָרטיקע יידן, ווייל זיי האָבן דערזען אין אים דעם איבערגעגע־בענעם עסקן, וואָס האָט קיינמאָל נישט אין זינען זיינע אייגענע אינטע־רעסן. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און דער קליינער טייל האָט זיך געראַטעוועט, און צווישן זיי אויך ד״ר גרינבערג, איז עס געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז ער זאָל אַרויפשווימען אין דער אָנפירונג. ער האָט דערצו געהאַט אויסער די אויבנדערמאָנטע מעלה פון ערנסטקייט, ער־לעכקייט און איבערגעגעבנהייט, אויך דאָס וואָס ער איז אויסערלעך געווען זייער רעפּרעזענטאַבל, האָט געקאָנט ווירקן סיי אויף זיינע איי־גענע ברידער, סיי אין די אונטערהאַנדלונגען מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס זיינען געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. דערצו האָט אים אַ סך אַרויסגעהאָלפן דאָס וואָס ער איז אַ שפּראַכן־קענער און איז זייער געלאַסן, רעגט זיך נישט אויף אַפילו דעמאָלט ווען עס זיינען דאָ גענוג סיבות אַרויסצוגיין פון די כלים.

איך האָב געהאַט דאָס פאַרגניגן זיך מיט אים צו באַקענען ווען ער איז געווען צו גאַסט אין אַמעריקע טאַקע אין נאָמען פון די פּליטים. ער, אַזוי ווי דער אַנדערער פאָרשטייער פון די פּליטים, דער גאָר ערנ־סטער און שטילער יאָסעלע ראָזנזאַפט, זיינען געווען פון די סאַמע ער־שטע, וואָס האָבן געמוטיקט פאַר דער אידעע פון אַ קולטור־דעלעגאַציע. פון זייער מויל איז דאָס געווען זייער וויכטיק, ווארום ווער נאָך אַזוי ווי זיי האָבן געוואוסט די נויטן און באַדערפעניש פון די פּליטים? ד״ר

גרינבערג איז שוין געווען געשפּאַנט אונז צו האָבן ביי זיך און עס איז געווען מער ווי פאַרשטענדלעך, אַז אַזוי ווי מיר וועלן נאָר אַריבערקו־מען אין דייטשלאַנד, וועלן מער זיך באַלד שטעלן מיט אים אין פאַר־בינדונג. פון לאָנדאָן האָבן מיר טאַקע אים טעלעגראַפירט, אַז מיר קו־מען אין דייטשלאַנד, און דעריבער איז אונזער אַנטוישונג געווען אומ־באַשרייבלעך ווען מיר האָבן זיך שוין צוגעשלעפּט צו דעם שטעטל און דאָרט נישט געטראָפן דעם ד״ר גרינבערג. ער איז נאָך מיט איי־ניקע טעג פריער אַוועק אין אַן אַנדער פּלאַץ, אין גאַרמיש.

## ערשטער קאָנטאַקט מיט דער שאַרית הפּליטה

ד״ר גרינבערג האָט געמאַכט זיין היים אין סענט אטיליען, ווייל דאָ האָט זיך געפונען אַ דייטשער סאַניטאַריום און ער האָט אים פאַרנו־מען פאַר די קראַנקע יידישע פּליטים. דאָ האָט ער אויך געגרינדעט אַ יידישע קינדער־היים. אין סענט־אטיליען איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער מוזיק־אָרקעסטער פון די פּליטים. דער גרינדער איז געווען דער יידישער מוזיקער האָפּמעקלער, וועלכער האָט אפילו אין דער געטאָ אָנגעהאַלטן מוזיקאַלישע גרופּן צווישן זיינע אומגליקלעכע ברידער. ווען ער איז באַפרייט געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן פון אונטער דער ערד צונויפצוקלייבן מוזיקאַלישע אינסטרומענטן און געשאַפן דעם אָרקעסטער.

ד״ר גרינבערג איז, אויסער זיין אָפיציעלן אַמט, וואָס האָט אים פאַרשאַפט גענוג אַרבעט איבער אַלע יידישע ישובים אין דייטשלאַנד, אויך געווען דער אויפזעער ספּעציעל איבער די פריער־דערמאָנטע יידישע אויפהאַלט־ערטער אין סענט אטיליען.

ווען מיר זיינען ענדלעך אין דער פינסטער צוגעקומען קיין סענט אַטיליען און אַריינגעפאָרן אין דעם כמו־טויער, האָבן מיר דערזען שטיין אַ וואַך פון יידישע פּאָליציסטן. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון ד״ר גרינבערגס וואוינונג, און דאָ האָבן מיר זיך באַלד אָנגעשטויסן אויף דער פּסיכאָלאָגישער ווירקונג פון דער מלחמה אויף די געראַ־

טעוועטע יידן. אין ערשטן אויגנבליק ווען זיי האָבן דערזען מענטשן אין אוניפאָרמען, זיינען זיי געבליבן אַביסל ווי צעטומלט, אָבער באַלד האָבן זיי באַמערקט אונזערע יידישע צייכנס אויף די מונדירן, וואָס מיר האָבען אַרויפגעניייט נאָך אין לאָנדאָן. דאָס און ד״ר שאַפּיראָס מעלדונג וועך מיר זיינען, האָט זיי באַרואיקט, אָבער פּאָרט נישט געעפנט זייערע מיילער, אַז זיי זאָלן ווערן באַרעדעוודיק. מעכאַניש האָבן זיי געענטפערט, מיט אָפּגעהאַקטע זאַצן, אויף אונזערע פראַגעס און האָבן נישט אַרויסגעוויזן די פרייד, וואָס מיר האָבן דערוואַרט, אַז מען זאָל אַרויסווייזן צו געסט פון דער אַנדערער זייט.

עס איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז אונזער טעלעגראַמע פון לאָנדאָן איז קיינמאָל נישט אָנגעקומען. אַנדערש וואָלט ד״ר גרינבערג געוואַרט אויף אונז. די מענטשן ביי גרינבערגן האָבן אויך געפּרואווט טעלעפאָניש זיך פאַרבינדן מיט אים אין גארמיש, אָבער, ווידער דאָס אייגענע, אין אָקופּאַציע־געביטן איז נאָך 10 ביינאַכט אוממעגלעך צו קריגן פּריוואַטע טעלעפאָנישע פאַרבינדונגען.

שרעקלעך אַנטוישטע פון אונזער ערשטן דירעקטן קאָנטאַקט מיט די צו וועלכע מיר האָבן אונטערגענומען אונזער נסיעה, האָבן מיר זיך צוריקגעלאָזט, ווידער איבער די שלעכטע וועגן, קיין מינכען. צוריקגעקומען זיינען מיר ממש צעבראָכענע און אויסגעפּרוירענע, און דאָ איז אפילו נישטאָ וואו צו קריגן קיין וואַרעם גלעזל טיי.

ד״ר שאַפּיראָ לאָזט אונז אָבער נישט אָפּ און שלעפּט אונז אין דער פּריוואַטער וואוינונג פון מר. דזשאסלוי, דער קולטור־דירעקטאָר פון „דזשאָינט״.

דעם אמת געזאָגט, האָט זיך מיר נישט געגלוסט אין ערגעץ גיין אין דעם געמיט־צושטאַנד אין וועלכן איך האָב זיך געפונען. איך האָב אפילו אין דער ערשטער מינוט נישט געהאַט קיין שטאַרקן חשק צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיט דריי יונגעלייט: צוויי יונגע פרויען און איין יונגערמאַן, וועלכע מען האָט אונז פאַרגעשטעלט אויפן וועג צו מר. דזשאסלוי. גיכער פון אַלץ האָט זיך מיר געגלוסט אַריינצוגיין אין צימער זיך אָפּרוען, אָבער כ׳האָב זיך געמוזט אונטערוואַרפן דער „מער־

הייט" און כ׳האָב נישט געהאַט קיין חרטה. אויסער וואָס מיר האָבן זיך פיזיש דערוואַרעמט, האָבן מיר זיך נאָך מער גייסטיק דערוואַרעמט. די דריי נייע באַקאַנטע זיינען געווען שליחים פון ארץ־ישראל: זשעניאַ טווערסקי, ערשט אַליין נאָר וואָס אָנגעקומען פון ארץ־ישראל און האָט אַליין נאָך נישט געקענט די לאָקאַלע באַדינגונגען, די אומשטענדן אין וועלכע מיר דאַרפן לעבן. זי האָט געשטאַמט פון באַראַנאָוויטש און האָט אין ארץ־ישראל זיך באַלד פרייוויליק געמאָלדן צו טאָן געוויסע אַרבעט ביי די פּליטים. יהודית לעווענטאַל איז געווען אַ יידיש מיידל פון דייטשלאַנד, וועלכע האָט עמיגרירט קיין ארץ־ישראל. זי איז געשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, ווייל זי האָט געקענט די דייטשע שפּראַך און האָט געקאָנט גוט צונויף קומען צו געוויסע ענינים. דער דריטער איז געווען דער חבר נפתלי אַנטמאַן, וועלכער איז געווען פון די ערשטע שליחים קיין דייטשלאַנד באַלד נאָכדעם ווי בן־גוריון האָט געמאַכט אין דייטשלאַנד דעם ערשטן קאָנטאַקט מיט די פּליטים. ער איז שוין געווען דער מאַן מיט דערפאַרונג. זיי, ווי אויך אַנדערע שליחים פון ארץ־ישראל, וועגן וועלכע עס וועט מיר שפּעטער אויסקומען צו ריידן אויס־פירלעך, זיינען געשטאַנען אונטער דער לייטונג פון ד״ר חיים האָפמאַן.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אויסטוישן מיט אונזערע מיינונגען. מיר האָבן אָפּגענומען גרוסן וועגן דעם וואָס די פּליטים טראַכטן, וואָס זיי פילן און אין וואָס זיי נויטיקן זיך און מיר זיינען צוגעטראָטן אויסצו־אַרבעטן דעם פּלאַן פון אונזער אַרבעט.

צומאָרגענס אין דער פרי האָבן מיר געמאַכט דעם ערשטן אָפיציעלן וויזיט אין „דזשאָינט״, און דער לייטער ד״ר לעאָ שוואַרץ האָט אונז גע־געבן אַ לעקציע ווי אַזוי מיר זאָלן זיך אויפפירן.

ער האָט עטלעכע מאָל שאַרף אונטערגעשטראָכן, אַז מיר וועלן זיך אין אונזער אַרבעט אָנשטויסן אויף אַ סך שוועריקייטן. מיר וועלן האָבן גרויסע צרות מיט טראַנספּאָרטאַציע. מיר דאַרפן שטענדיק דערוואַרטן, אַז די געהיים פּאָליציי וועט אונז קאָנטראָלירן. מיר זאָלן זיין פאָרזיכטיק מיט וועמען מיר ריידן און וואָס מיר ריידן, ווייל מ׳דאַרף געדענקען, אַז מיר זיינען אין אַן אָקופּירט געביט. מען קאָן זיך צוהערן וואָס מיר ריידן.

עס קאָן אַפילו פּאַסירן, אַז מען זאָל זיך אונטערהערן צו אונזערע טעלע־פאָנישע געשפּרעכן. מיט איין וואָרט — מיר זיינען אונטער אַ שטאַרקן קאָנטראָל.

קיין גרויס נחת פון זיינע רייד האָבן מיר נישט געהאַט. דערצו האָט ער אַליין גערעדט אין אַזאַ מיליטערישן טאָן ווי ער וואָלט דאָס אויך אַקצעפּטירט, אָבער מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר מוזן פאָלגן, אַנדערש וועלן מיר האָבן גרויסע צרות, און מיר זיינען דאָך געקומען אַהער עפּעס טאָן, נישט פירן קיין מלחמה מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט.

קענטיק, אַז די מענטשן אין סענט אטיליען האָבן נישט גערוט. אין דער פרי, אַזוי ווי זיי האָבן נאָר געקאָנט קריגן אַ טעלעפאָנישע פאַר־בינדונג מיט ד״ר גרינבערג, האָבן זיי אים געלאָזט מעלדן וועגן אונ־זער באַזוך און ד״ר גרינבערג האָט באַלד צוגעשיקט צו אונז אַן אויטאָ, וואָס זאָל ברענגען די גאַנצע דעלעגאַציע קיין גארמיש.

## אַ דעטראָיטער מיידל וואָס איז געוואָרן אַ באַרימטקייט

צו אונז איז דערווייל צוגעקומען נאָך אַ פּערזאָן. די פּערזאָן איז מיר געווען גאַנץ נאָענט, ווייל מיר זיינען געווען אין אַמעריקע שכנים. מיינע עלטערן און אירע עלטערן וואוינען אין איין הויז און איך האָב זייער טאָכטער, עָן ליפּאַ, געקענט פון איר פריסטער יוגנט. אין דע־טראָיט, אונזער היים־שטאָט, וואו זי איז געקומען זייער יונג פון קיעוו, מיט אירע עלטערן אַנטלויפנדיק פון דער ערשטער מלחמה און אי־בערלעבנדיק עפּעס ענלעכעס ווי די איצטיקע, שוין באַפרייטע פּליטים, האָט זי זיך אויפגעצויגן ווי דער גרעסטער טייל יידיש־אַמעריקאַנער טעכטער: זי איז געווען אַ הייסע אַמעריקאַנערין און איר יידישקייט איז געווען אויפן שפּיץ מעסער. אונזער יידיש לעבן, באַזונדערס אונ־זער נאַציאָנאַל־יידיש לעבן, איז געווען פאַר איר אַ פאַרמאַכט בוך. וועגן די דיפערענצירונגען אין די פאַרשידענע יידישע אידייען און פּאַרטיי־ריכטונגען האָט זי געהאַט גאָר אַ קנאַפּן באַגריף. אָבער ווי אַ

יידישע טאָכטער האָט זי געוואוסט, אַז זי „דאַרף זיין שטאָלץ אויף איר יידישקייט" און באַזונדערס איז ביי איר געווען אַנטוויקלט דער רחמנות־געפיל. ווען עס איז געוואָרן מעגלעך צו פאָרן קיין אייראָפּע, האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אָן „דזשאָינט" און איז דורך אים געשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. דאָ, אויפן אָרט און שטעל, קומענדיק אין קאָנטאַקט מיט דער שארית הפליטה, האָט זי זיך אָנגעהויבן אינטע־רעסירן מיט אונזערע באמת׳ע נויטן און פּראָבלעמען און האָט אָנגע־הויבן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון די פּליכטלינגע.

ען ליפּאַ



די העלדין פון „שטרייכער פאַרם"

עמאַ שייווער



זינגט פאַר דער שארית הפליטה

זי איז כסדר געשטאַנען אין באַרירונג מיט דער אַמעריקאַנער מי־ליטערישער מאַכט און זי האָט שפּעטער געמאַכט דאָס וואָס מען רופט אַן געשיכטע: זי האָט דאָס אָקופּירט דעם באַרימטן שטרייכער־קעמפּ פאַר אַ קבוצה.

ען איז געווען איינע פון די פאַרוואַלטערינס איבער די יידישע

פליכטלינגע אין מינכענער ראַיאָן, אַ גרויסער שטח, וואָס איז דער־גאַנגען ביז צו דער רוסישער זאָנע. אין דער גאַנצער געגנט האָט מען שטאַרק גערעדט וועגן דעם אַרצי־אַנטיסעמיט יוליוס שטרייכערס פאַרם, אַז עס איז דאָרט פאַראַן פון אַלעם גוטן. שטרייכער האָט זיין פאַרם אָנגעהויבן צו קולטיווירן אין 1934, און אין דער צייט פון דער מלחמה, ווען די נאַציס האָבן באַראַבעוועט די וועלט, האָט שטרייכער זיך אָנגעשטאָפּט מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. די פאַרם איז גע־וואָרן רייך מיט עופות און בהמות און די געצוואונגענע שקלאַפן־אַר־בעטער האָבן זי שטאַרק אויסגעברייטערט. די פאַרם איז געווען פון גאָר גרויסן פאַרנעם — 350 אַקער לאַנד.

## שטרייכערס פאַרם — אַ יידישער קיבוץ

ווען די נאַציס זיינען געפאַלן, איז אָט די פאַרם איבערגענומען געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער מאַכט. ען האָט אָנגעהויבן אַגיטירן די אַמעריקאַנער מיליטערישע פאָרשטייער, אַז מען זאָל איבערגעבן די פאַרם פאַר די געראַטעוועטע יידן. עס איז געווען נישט קיין לייכט שטיקל אַרבעט. ען איז נישט מיד געוואָרן צו קלאַפּן אין די טירן טאָג און נאַכט. האָט זי באַקומען אַן אָפּזאָג ביי איינעם, איז זי געגאַנגען צום אַנדערן. עס איז בכלל אויסגעקומען מאָדנע פאַר די גויים אַוועקצוגעבן יידן אַ שטיק באָדן, וועלכער דאַרף באַאַרבעט ווערן. יידן זיינען דאָך סוחרים, לויט זייערע באַגריפן, וועלן זיי מיט איינמאָל ווערן פויערים?

ען האָט אָבער געוואוסט וואָס עס טוט זיך אין די מוחות פון די גע־ראַטעוועטע יידן. זי האָט גוט געקענט די שטרעבונגען באַזונדערס פון אונזער יוגנט, וואָס האָט געזוכט ווי אַזוי איבערצובויען זיך און צוגרייטן זיך פאַר זייער ניי לעבן, וואָס זיי האָבן פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, אַ לעבן צו וועלכן מ׳דאַרף זיך פריער מכשיר זיין, נישט קומען אַהין אינגאַנצן רוי.

און אַזוי איז עס געשען, אַז די פאַרם פון אַנטיסעמיט שטרייכער איז געוואָרן אַ פאַרם פאַר חלוצים, פאַר יידישע יונגעלייט, וואָס לערנען

זיך דאָ און גרייטן זיך צו פאָרן נייעם לעבן אין ארץ־ישראל. דער קיבוץ דאָ אין דער פאַרם האָט בערך שטענדיק 150 חלוצים. דאָס הייסט, אַז דער קיבוץ איז נישט קיין שטענדיקער. עס קומען חלוצים און גייען. מאַנכע לערנען זיך אייניקע חדשים, באַקומען נאָר די ערשטע דערציאונג פאַר זייער ניי לעבן און לאָזן זיך קיין ארץ... ווי אַזוי, דורך וועלכן אופן, דורך וועלכן וועג? — דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל, וואָס מיר וועלן שפּעטער באַרירן. אָבער אַ פאַקט איז, אַז דורך דער פאַרם זיינען שוין דורכגעגאַנגען אַ סך יידישע יונגעלייט, וועלכע שטרייכער האָט געהאָפט צו זען אין די אויוונס, אָבער זיי לעבן. זיי האָבן מקיים געווען זייער שבועה „מיר וועלן זיין", בעת שטרייכער איז מער נישטאָ.

און נאָך אַ וויכטיקע זאַך: די זעלבע גוים, וועלכע האָבן פריער געהאַט אַזאַ סקעפּטישע באַציאונג, אַז די יידן וועלן נישט קאָנען באַאַרבעטן די פאַרם, זיינען איצט אין דער גרעסטער התפעלות פאַר דעם. וואָס די געראַטעוועטע יידן האָבן דאָרט אויפגעטאָן. ס'איז אַ פאַקט, אַז זיי ברענגען אַהין געסט און ווייזן עס ווי איינע פון די סאַמע אינטערעסאַנטסטע חדושים וואָס אַן אַמעריקאַנער קען איצט זען אין אייראָפּע. קיין שאָדן פאַר יידישע אינטערעסן ברענגט דאָס נישט...

אַלזאָ, איז צוזאַמען מיט אונז אויך ען געפאָרן קיין גארמיש. דער וועג אַהין פון מינכען איז אַ פּרעכטיקער. דאָס איז אַן אַלפּישע געגנט. דער גאַנצער שטח, בערך 90 קילאָמעטער, איז אַ דאָרפישער, און מען דערקענט דאָ גאָרנישט, אַז עס זאָל זיין פאָרגעקומען אַזאַ זאַך ווי די מלחמה. דאָס איז דער גרויסער קאָנטראַסט אין דייטשלאַנד צווישן דער גרויסער שטאָט און דעם דאָרף. די שטאָט איז טאַקע חרוב, אָבער דער דאָרף איז גאַנץ, כמעט נישט באַרירט. דער פויער האָט גאָרנישט געליטן, און ער לעבט זיך מיט אַ סך ווייניקער זאָרג ווי דער גרויסשטאָטישער.

## מיט די רעשטלעך ליטווישע יידן

אויך גארמיש גופא איז קנאַפּ באַרירט. מיר זיינען פאָרפאָרן אין דער שטוב, וואו עס וואוינט דער רב. דאָס איז ער געבליבן דער איינ־

ציקער פון זיין גאַנצער נאָנטער משפחה. דאָס הייסט, זיין פרוי און קינדער זיינען אַלע אומגעקומען. זיין שמש, אַ שוואָגער, איז אין דער זעלבער לאַגע. אויך ער איז געבליבן דער איינציקער פון דער גאַנצער משפחה. מיר זיינען געווען ערב די לעצטע טעג פּסח און דאָ האָבן מיר געטראָפן די מיטגלידער פון „צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַ־פרייטע יידן". אין יעדן פּלאַץ, וואו עס געפינען זיך די פליכטלינגע, איז באַלד געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס רעדט אין נאָמען פון אַלע און האַנדלט אין אַלעמענס נאָמען. דאָס איז זייער וויכטיק ווען מען נעמט אין באַטראַכט די שטימונג און דאָס געמיט פון די געראַ־טעוועטע, ווי סענסיטיוו זיי זיינען, ווי יעדער פון זיי האָט געוויסע פאַרלאַנגען און ווי מיד עס וואָלט געוואָרן יעדער, וואָס וואָלט גע־דאַרפט קומען אין קאָנטאַקט מיט יעדן פון זיי באַזונדער.

אין גארמיש האָבן מיר אָבער, ווי געזאָגט, געטראָפן די מיט־גלידער פון אַלגעמיינעם קאָמיטעט פון אַלע געראַטעוועטע פליכטלינגע. די מערסטע פון דער געגנט, ווערן גערופן „די קאָוונער". דאָס זיינען טאַקע די געראַטעווע רעשטלעך יידן פון קאָוונע אָדער די אַנדערע ליטוויש־יידישע שטעט, וואו אָט ערשט נישט לאַנג האָט געקלאַפּט און פולסירט אַזאַ שטאַרק יידיש לעבן. זיי זיינען דורך די נאַציס צוזאַמענגעבראַכט געוואָרן אין געוויסע קאָנצענטראַציע־לאַגערס, און פון דאָרט זיינען זיי צוזאַמען געראַטעוועט געוואָרן אַהער, האַלטן זיי אָן דעם נאָמען פון דער שטאָט, וואָס איז זיי אַזוי ליב אין אָנדענק פון זייער לעבן און דאָס לעבן פון זייערע אָבות אבותיהם.

דאָס ערשטע געפיל ביי מיר און די אַנדערע דעלעגאַטן איז געווען, אַז „דאָס איז עס". דאָס זיינען זיי די, וועגן וועלכע מיר ריידן אַזויפיל אין אַמעריקע און אין די אַנדערע לענדער, וואו דעם משחית׳ס שווערד האָט נישט דערגרייכט. דאָס זיינען די קדושים, וואָס זיינען געווען עדות ווי מען האָט זייערע נאָנטע פאַרברענט און אויסגעמאַטערט מיט אַלע מיתות וואָס די תוכחה האָט אפילו נישט. דאָס זיינען זיי אַליין עדות געווען פון זייער ערב־טויט, ווען א סך פון זיי זיינען שוין געלעגן פאַרגראָבן לעבעדיקע אין קברים אָדער געשטאַנען נעבן אויוון אַריינ־

גערוקט צו ווערן, נאָר דאָ און דאָרט האָט אין דער לעצטער מינוט פּאַסירט אַ נס, און זיי זיינען ווידער אויפגעשטאַנען צוריק לעבעדיקע. ווי זינגט אונזער דיכטער לייוויק:

די וועלט נעמט מיך אַרום מיט שטעכיקע הענט
און טראָגט מיך אין פייער און טראָגט מיך צום שייטער,
איך ברען און איך ברען און איך ווער נישט פאַרברענט,
איך הייב זיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער.

## דער הונגער נאָך אַ יידיש וואָרט

די יידן האָבן שוין געוואוסט וועגן אונזער קומען, ווייל אין דער זעלבער צייט וואָס ד״ר גרינבערג האָט געשיקט נאָך אונז, האָט ער אויך געלאָזט וויסן וועגן אונזער קומען. איז דער עולם זיך צוזאַמענ־געקומען און געפּאָדערט טאַקע שוין, אַז מיר זאָלן תיכף אויפטרעטן. זיי זיינען געווען נישט ווייניקער זשעדנע אונז צו הערן ווי עס איז אַ הונגעריקער פון כמה טעג זשעדנע צו וואַרפן זיך אויף ברויט ווען ער זעט עס, און ער האָט שוין נישט קיין צייט און קיין געדולד אויף די בויטיקע צערעמאָניעס פון וואַשן זיך פריער, זעצן זיך רואיק צום טיש און וואַרטן, אַז מען זאָל דאָס ברויט געלאַסן צעשניידן. דער גייס־טיקער הונגער האָט זיך צעשפּילט ביי די יידן, וועלכע האָבן שוין באַוויזן אַביסל צוצודעקן זייער נאַקעט לייב און אויסרוען צובּיסלעך זייערע צעבראָכענע און אויסגעמאַטערטע גלידער, אָבער זייער גייסט איז געווען געוואַלדיק הונגעריק, נישט געשפּייזט יאָרן לאַנג.

זיי האָבן שוין געלעכצט נאָך אונזער וואָרט.

אין אָרטיקן זאַל, וואו דער „אָוונט" איז פאָרגעקומען, איז געקומען די גאַנצע קהילה. יעדער איינער, וואָס האָט זיך נאָר געקאָנט באַוועגן, אַפילו אָנגעלענט אויף אַ שטעקן, אָדער געפירט פון אַ צווייטן, איז געקומען.

אָבער דאָ הויבט זיך אָן מיין אייגן פּראָבלעם. מילא, די אַנ־דערע צוויי מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע האָבן אַלץ מיט זיך.

זיי קאָנען אומעטום, אויף יעדן פלאַץ און אונטער אַלע אומשטענדן, אויפטרעטן אוןריידן. אָבער איך, איך דאַרף דאָך זינגען, און פאַר זינגען דאַרף מען קודם כל האָבן אַ פּיאַנאָ־באַגלייטונג און אַן אַקוס־טיק. נישט אומעטום קאָן מען זינגען, און מען דאַרף אויך פריער אויסקלייבן אַ פּראָגראַם און צופּאַסן עס צום עולם. איך האָב גע־גלויבט, אַז ווען מיר וועלן קומען אין דייטשלאַנד, וועלן מיר שוין טרעפן פּיאַניסטן, פון וועלכע איך וועל קאָנען אויסקלייבן אַקאָמפּאַניאַ־טאָרס, אָבער דאָ איז קיינער נישטאָ. אַ פּיאַנאָ איז אַפילו יאָ דאָ, אָבער אויך אַ שטיקל מלחמה־קרבן, נישט מיט אַלעמען. און נישט נאָר זיי־נען נישטאָ קיין פּראָפעסיאָנעלע פּיאַניסטן, נאָר עס איז אַפילו, צווישן גאַנצן עולם, נישטאָ קיין ליבהאָבער פּיאַנאָ־שפּילער. פונדעסטוועגן פאַלט מיר גאָרנישט איין צו טראַכטן וועגן אַנטוישן די יידן דאָ און נישט אויפטרעטן.

דאָס איז דאָך מיין חלום פאַרווירקלעכט געוואָרן!

איך האָב דאָך אַזוי געשטרעבט פאַר אָט זיי אויפצוטרעטן. זאָל איך באַלד ביי דער ערשטער שטערונג צוריקטרעטן? האָבן זיי ווייניק גע־ליטן? איז געווען פאַר זיי וועלכע עס איז שטערונג צו שווער?

אָבער כדי צו זינגען, דאַרף דאָך די שטימע זיין אויסגערוט. מען דאַרף זיין צוגעגרייט, און דאָ בין איך אַזוי מיד פון וועג, נישט אויס־גערוט, נישט צוגעגרייט, אָן נאָטען, אָן אַ אַקאָמפּאַניאַטאָר?

ניין! איך באַשליס, אַז גאָרנישט מעג מיך אָפּהאַלטן. איך וועל מיר אַליין אַקאָמפּאַנירן. איך וועל פאַרגעסן, אַז איך בין אַ פּראָפעסיאָנעלע זינגערין. איך בין אַ יידישע טאָכטער און בין געקומען העלפן מיינע שוועסטער און ברידער, העלפן זיי אויף דעם אופן מיט וועלכן איך קען — מיט געזאַנג.

איך האָב זיך אָוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנאָ, אויספּרובירט די שטי־מע, זיך „באַקענט" מיט דער פּיאַנאָ און באַשלאָסן, אַז „עס וועט שוין גיין".

לייוויק האָט גערעדט דער ערשטער. זיין שטימע האָט געציטערט. מיר זיינען געזעסן צוזאַמען מיט אים אויף דער אימפּראָוויזירטער בינע

און זיך אָנגעשטרענגט נישט צו קוקן אין דער אוידיענץ. מיר האָבן נישט געהאַט דעם מוט צו קוקן די יידן גלייך אין די פּנימער אַריין. אויף יעדנס פּנים איז דאָך געלעגן דער חותם פון די אַלע צרות און ענויים, וואָס זיי זיינען דורכגעגאַנגען, און איצט, ערשט ווען זיי האָבן ווידער געהערט אַ יידיש וואָרט, האָבן זיי נאָך אַמאָל איבערגעלעבט זייער אַמאָליק לעבן און דאָס וואָס עס איז פון זיי געוואָרן. עס איז געווען אַן אומבאַשרייבלעכער צער צו זען די ווייטאָקן, וואָס האָבן זיך אויסגעדריקט אויף זייערע געזיכטער, און מיר האָבן בעסער געהאַלטן די קעפּ אַראָפּ און נישט געקוקט אין זאַל. לייוויק האָט נישט אויסגע־האַלטן. ער האָט אין אָנהויב צוזאַמענגעבראָכן. ערשט שפּעטער האָט ער זיך אַביסל צוזאַמענגענומען, און, ווי עס איז, פּאַרענדיקט ריידן. אפרת האָט אויך גערעדט יידיש.




אַ קבלת־פּנים פאַר דער קולטור־דעלעגאַציע

עמאַ שייוועד (אין „אונראַ״־מונדיר). נעבן איר דער דיכטער ה. לייוויק

עס איז געקומען מיין ריי. איך האָב אָנגעהויבן מיט ביאַליקס „אונטער די גרינע בוימעלעך". דער עולם האָט געהערט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. ביי אַ סך פון זיי האָט מען געקענט מערקן טרערן. זיי האָבן זיך דערמאָנט אין זייערע אייגענע משה׳לעך און שלמה׳לעך, וואָס זיינען אויסגעגאַנגען פאַר זייערע אויגן, אָדער, וואָס זיינען, ווי חלות אַריינגערוקט געוואָרן אין גאַז־אויוון און אויפגעגאַנגען צום בורא עולם אין הימל. דערנאָך האָב איך געזונגען „כל נדרי". ס׳האָט זיי דערמאָנט אין דעם פּורכטיקן טאָג, ווען מען זאָגט דעם „ונתנה תוקף", דעם מי לחיים ומי למות. יאָ, אַ סך פון זייערע זיינען געשטאָרבן, אָבער זיי האָט גאָט אָנגעשריבן צום לעבן, און זיי לעבן, און ווילן לעבן, נישט נאָר אַלס יחידים, נאָר אַלס קינדער פון יידישן פאָלק, פון עם ישראל חי, און עס איז געווען אַזוי נאַטירלעך, אַז ווען איך האָב גענומען די ערשטע טענער פון „עם ישראל חי", האָט דער גאַנצער עולם גענומען מיטזינגען אָט דאָס מונטערע ליד פון „עם ישראל חי".

דער ראש פון דער קהילה האָט נאָך גערעדט עטלעכע ווערטער און דער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט מיט „התקוה".

איצט האָט זיך דער עולם אַ לאָז געטאָן צו אונז.

פאַלש זיינען געווען די רייד פון די סקעפּטיקער אין אַמעריקע, אַז מען וועט ביי אונז פאַרלאַנגען געלט, מאַטעריעלע שטיצע. אויגן האָבן געלויכטן פון פרייד. מאַנכע האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן פון שמחה, וואָס זיי האָבן דערלעבט צו הערן אַ יידיש וואָרט און אַ יידיש ליד. מ׳האָט אונז געדאַנקט, הענט, שוואַכע הענט, ציטערדיקע הענט, האָבן געשאָקלט אונזערע הענט. ס׳האָבן זיך געהערט ברכות.

## פעק מיט פעקלעך יידישע צרות

אַ גאַנצע נאַכט איז אַוועק אין שמועסן. יעדער האָט גענומען דערציילן זיין פעקל צרות. אָבער אַלע פעקלעך זיינען פאַקטיש געווען איין פעקל, אַזוי ענלעך איינער צום אַנדערן, אַזוי שווידערלעך.

עפּעס גאָר אויסטערלישעס האָט דערציילט דער פאָרזיצער פון די באַפרייטע יידן, ד״ר גרינבערג אַליין. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען זיי זיינען נאָך געווען אין ליטע און פלעגן יעדן טאָג אַרויסגעפירט ווערן צו דער אַרבעט. די גרעסטע געפאַר איז געווען איבערצולאָזן אין דער היים, אין דער געטאָ, די קינדער, ווייל די דייטשן האָבן זיך באַזונדערס פאַרלייגט צו פאַרניכטן די יידישע קינדער, און פאַר דעם צוועק פלעגן זיי מאַכן אָפטע ספּעציעלע „קינדער־אַקציעס״, ווען זיי פלעגן כאַפּן די יידישע קינדער און זיי פאַרטיליקן. פלעגן די יידישע עלטערן, פאַרן גיין צו דער אַרבעט, זוכן די אויסערגעוויינלעכסטע וועגן ווי אַזוי אָפּצוראַטעווען זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די נאַצישע הענט. ד״ר גרינבערג האָט אַזוי אויסגעאַרבעט זיין „רוקזאַק״, וועלכן ער האָט געטראָגן צו דער אַרבעט, אַז ער האָט דאָרטן געהאַלטן זיין קינד. די יידן, וועלכע זיינען געגאַנגען צוזאַמען מיט אים צו דער אַרבעט, האָבן עס געוואוסט, זיינען זיי אַזוי געגאַנגען, אַז זיי האָבן געשיצט דעם דאָקטאָר מיט זיין „רוקזאַק״, אַז די דייטשע אויפזעער זאָלן זיך נישט אָנשטויסן וואָס עס געפינט זיך אין זאַק, און אַז דער „זאַק״ זאָל אויך אַמאָל נישט כאַפּן אַ נאַצישע נאַגייקע, ווי די דייטשע נוגשים האָבן זיך פאַרגונען אַן אַ פאַרוואָס. איינמאָל אָבער האָט ד״ר גרינבערג באַשלאָסן, אַז די סכנה ווערט גרעסער, און ער מוז איינמאָל פאַר אַלע מאָל ראַטעווען דאָס קינד. דאָס מיינט, זיך „באַפרייען״ דערפון. ווי אַ דאָקטאָר, האָט ער איינגעגעבן דעם קינד כלאָראָפאָרם, עס איינגעשלעפערט, און אין מיטן וועג צו דער אַרבעט, פאַרבייגייענדיק אַ ליטווישן הויף, האָט ער דעם „רוקזאַק״ אַריבערגעוואָרפן איבער אַ מויער. דער צופאַל איז גראָד געווען, אַז דאָס פּעקל איז געפונען געוואָרן דורך אַ גוטן ליטווישן פויער, און ער האָט אַרויסגענומען דאָס יידישע קינד, עס באַהאַלטן און אויפגעצויגן דאָס קינד די גאַנצע צייט.

עס איז נישט מיין אויפגאַבע איבערצוגעבן וואָס דער דאָקטאָר גרינבערג און זיין פרוי זיינען דורכגעגאַנגען די גאַנצע צייט זינט זיי

האָבן זיך אויף אַזאַ אופן „צעשיידט" מיט זייער קינד. איך וויל נאָר דאָ איבערגעבן דעם פאַקט, אַז נאָכדעם ווי ד"ר. גרינבערג איז באַפרייט געוואָרן, איז אים געלונגען אויפצוזוכן זיין פרוי און זיי האָבן באַוויזן אויסצוקויפן זייער קינד פון דעם ליטווישן פויער. זייער שמחה איז געווען אומגעהויער גרויס. פרוי גרינבערג איז שפּעטער מיט איר קינד אַוועקגעפאָרן לעגאַל קיין ארץ־ישראל מיטן ערשטן טראַנספּאָרט פון קינדער און שוואַנגערע פרויען, אָבער עס איז זיי אַ פּנים נישט באַשערט געווען קיין גליק: דאָס קינד האָט פון דעם ביטערן לעבן זיך איינגעשאַפּט די שווידערלעכע קראַנקהייט „לוקימאַ", און ס'איז ליידער געשטאָרבן אין ארץ־ישראל.

אונזער ערשטער אויפטריט האָט אונז שרעקלעך אויסגעמאַטערט און דענערווירט. אַלע האָבן מיר גערעדט און געזונגען נישט מיט אונזערע שטימען, נאָר מיט אונזערע נערוון. אויך די צוהערער זיינען געווען גוואַלדיק דענערווירט אין זייער באַגייסטערונג. מיר זיינען צוריקגעגאַנגען צום רב אין שטוב, וואו מען האָט פאַר אונז געמאַכט געלעגערס.

צו מאָרגנס אין דער פרי זיינען מיר געפאָרן באַזוכן אַ קיבוץ. דער פּלאַץ הייסט מיטעלוואַלד. טאַקע דאָ אויפן זעלבן פּלאַץ האָבן מיט עטלעכע חדשים צוריק די יידן געאַרבעט ווי צוואַנגס־אַר־בעטער, און דאָ זיינען זיי באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי. אַ סך פון זיי האָבן בלויז דערלעבט די מינוט אָדער שעה פון זייער באַפרייאונג. זיי זיינען אָבער געווען אין אַזאַ פיזישן צושטאַנד, אַז זיי האָבן מער נישט אויסגעהאַלטן און זיינען געשטאָרבן שוין פרייע מענטשן, און געקומען כאָטש צו קבר ישראל. אַנדערע זיינען געווען זייער שוואַך און קראַנק און זיינען דורך די סאָלדאַטן אָפּגעפירט גע־וואָרן אין די שפּיטאָלן, וואו מען האָט זיי אָפּגעראַטעוועט. די שטאַר־קערע זיינען געבליבן אויף די ערטער און וואַרטן דאָ אויף זייער ענדגילטיקער באַפרייאונג.

# די פּראָבלעמען פון די דיפּיניקעס

דאָ, אין קיבוץ, האָבן מיר זיך, צום ערשטן מאָל, באַקענט מיט לאָקאַלע פּראָבלעמען, און זיי זיינען געווען גאַנץ היבשע: די גרעסטע שוועריקייט איז געווען וואָס עס זיינען ניט געווען קיין מענטשן צו דער אַרבעט. אַרבעט איז געווען אַ סך, ווייל מען האָט געדאַרפט רוימען און ברענגען אין אָרדנונג די פּאַרוואָרלאָזטע און פאַרשמוציקטע פּלעצער, אָבער די גרעראַטעוועטע יידן האָבן זיך נישט געוואָלט צורירן. זיי האָבן גע׳טענה׳ט, אַז זיי האָבן שוין גענוג געאַרבעט. איצט ווילן זיי, אויס נקמה, זען אַרבעטן זייערע פייניקער, די דייטשן. עס איז געווען אַ שווע־רער פּסיכאָלאָגישער ענין, וואָס מען האָט נישט געקאָנט אַזוי גרינג לעזן. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מאַנכע יידן האָבן נישט געוואָלט טאָן קיין שום אַרבעט אפילו ביי זיך אין זייער אייגענער שטוב.

אָט די שטימונג איז נאָך פאַרשאַרפט געוואָרן דורך דעם, וואָס זיי האָבן דערוואַרט, אַז מען וועט זיי באַלד עוואַקואירן און אַוועקשיקן קיין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען פאַר זיי אַזוי נאַטירלעך, אַז אַלע געגעבענע תירוצים האָבן זיך צו זיי נישט צוגעקלעפּט. עס איז אָבער שוין אַריבער אַ האַלב יאָר ווי זיי זיינען געוואָרן באַפרייט פון די דייטשן, און עס רירט זיך נישט פון אָרט. נאָך מער, עס זעען זיך נישט קיין שום אויסזיכטן. דאָס פאָלק איז געוואָרן אומרואיק. עס האָט פאַרלוירן דאָס לעצטע ביסל געדולד.

די אַמעריקאַנער מיליטער־מאַכט, וואָס האָט איבער זיי פאַרוואַל־טעט, האָט נישט באַגריפן זייער מענטאַליטעט. מען האָט אויף זיי גע־קוקט ווי אויף אַלע אַנדערע מענטשן פון אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן און פעלקער, וואָס זיינען אויך פאַרלויפיק געווען היימלאָז, און מען האָט די יידן פאַרגליכן צו זיי. אָבער דאָ איז געווען דער גרויסער טעות. מען האָט פאַרגעסן דעם גרויסן אונטערשיד צווישן ביידע. די גויים פון די פאַרשידענע פעלקער האָבן געהאט אייגענע מלוכות וואוהין זיך צוריקצוקערן, נאָר צוליב פּאָליטישע טעמים האָבן זיי נישט גע־וואָלט דאָרט זיך צוריקקערן, און די ווידער, וועלכע האָבן יאָ געוואָלט,

נאָר עס האָט געדאַרפט נעמען טעכניש אַ שטיקל צייט ביז דאָס וועט דורכגעפירט ווערן, האָבן געוואוסט, אַז זיי פאָרן אַהיים, מאַנכע צוריק צו זייער האָב און גוטס, אָדער צו זייערע געליטענע, אָבער על פי רוב לעבן־געבליבענע פאַמיליעס. בנוגע די יידן איז די לאַגע געווען אומ־פאַרגלייכלעך: אין זייער לאַנד, אין ארץ־ישראל, לאָזט מען זיי נישט אַריין. אין די לענדער פון וואַנען זיי שטאַמען האָבן זיי נישט צו וואָס און צו וועמען צוריקצוקערן. דאָס האָט געמוזט אויף זיי ווירקן פסיכאָ־לאָגיש אַנדערש ווי אויף זייערע שכנים, די גויים, וואָס אויסערלעך האָט אונזער שארית הפליטה געהייסן דעם זעלבן נאָמען „דיפּיניקעס" („דיס־פּלעיסט פּיפּל", מענטשן אָן אַ היים). און טאָמער האָט נאָך עפּעס גע־פעלט, איז צוגעקומען דער פאַקט, וואָס די יידן האָבן געזען ווי זייערע נעכטיקע נוגשים לעבן אַ גוטן טאָג. זיי האָבן געזען ווי די געבליבענע דייטשן קריגן פּריווילעגיעס. די דייטשע פּאָליציי איז באַוואָפנט, בעת די יידישע שוץ־פּאָליציי האָט קיין וואָפן נישט באַקומען. די דייטשע באַפעלקערונג האָט אויסגעזען גאַנץ גוט, האָט געהאַט באַקוועמע וואוי־נונגען, האָט מכניס אורח געווען די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן און גע־וואונען דעם גודוויל פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

דער אַמעריקאַנער סאָלדאַט איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס הכנעה פון דעם דייטשן איינוואוינער. ער האָט אים פאַרבעטן צו זיך אין שטוב, וועלכע איז געווען ריין, ציכטיק. עס האָט געמאַכט אַ העכסט ציוויליזירטן איינדרוק. דער דייטש האָט גערעדט צו אים רואיק, האָט זיך גע׳חנ׳דלט. דאָס דייטשע „פרייליין" האָט געטאָן אַלץ, וואָס זי האָט נאָר געקענט כדי נושא חן צו זיין ביי די יונגע אַמעריקאַנער בחורים. און קיין פּרייז איז ביי זיי נישט געווען צו טייער... טאַטע־מאַמע, וואָס זיינען נאָך צוגעוואוינט געוואָרן דורך די נאַציס, אַז עס איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס עס איז קעגן דער מאָראַל אויב דאָס קאָן נאָר ברענגען נוצן דעם פאָטערלאַנד, האָבן דאָס נאָך נישט פאַרגעסן...

גאַנץ אַנדערש איז אָבער דער ייד פאַרן אַמעריקאַנער סאָלדאַט. נישטאָ קיין דייטשער ייד, וואָס זאָל זיין געבליבן אין זיין וואוינונג, אַז ער זאָל קאָנען אויפנעמען אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט און אַרויסווייזן

גאַסטפריינטלעכקייט. די יידן זיינען כסדר אויפגערעגט, אַ סך זיינען געקליידט נישט איבריק ריין אָדער פּאַסיק (דאָס געהערט צום קאַפּיטל קליידער פון אַמעריקע...), זייער באַנעמונג איז נישט געשליפן, אַ רעזולטאַט פון דעם ווילדן לעבן צו וועלכן זיי זיינען צוגעוואוינט גע־וואָרן אין די בונקערס, אין די גריבער אָדער אַלס פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער.

אַזאַ קאָנטראַסט איז צו שאַרף פאַר אַ פּשוט'ן סאָלדאַטסקען מוח, וואָס טראַכט זיך נישט אַריין אין די סיבות. דערצו זיינען די אָקופּאַ־ציע־סאָלדאַטן אַלץ אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַליין אין דער מלחמה נישט באַטייליקט. דירעקט האָבן זיי מיטן דייטשן שונא נישט געהאַט קיין קאָנטאַקט. זיי זיינען שוין געקומען אין דייטשלאַנד צו „געבראָכענע" דייטשן, און זיי האָבן נישט די זעלבע געפילן, וואָס די פריערדיקע סאָלדאַטן האָבן געהאַט צו די דייטשן. און אויב צו דעם אַלעם קומט נאָך צו די באַשולדיקונג, אַז דער ייד איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן שוואַרצן מאַרק, כאָטש די שולד שטעקט גאָר ערגעץ אַנדערש, און אויב זוכן די הויפּט־שולדיקע אין דעם אומגליק פון שוואַרצן מאַרק, וואָלט מען געדאַרפט אַ זוך טאָן אין מאַנכע אָפיציעלע אָפיסעס, קאָן מען זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי די מאַכט קוקט אויף די יידישע דיפּיניקעס.

אָבער אין דער זעלבער צייט וואָלט געווען נישט ריכטיק צו פאַר־מאַכן די אויגן, און זאָגן, אַז די פליכטלינגע זיינען בלויז מלאכים און זיינען פריי פון מענטשלעכע זינד. עס וואָלט געווען איבערמענטשלעך צו דערוואַרטן, אַז מענטשן, וואָס זיינען אַזוי פיל דורכגעגאַנגען, מער ווי שבעה מדורי גיהנום, זאָלן זיין צירלעך מאַנירלעך דעמאָלט ווען זיי זעען די מעגלעכקייט צו פאַרדינען לייכט אַ פּאָר דאָלאַר, צו קאָנען זיך קויפן אַ לייטיש מלבוש, אַ ביסל בעסער עסן אָדער גאָר קומען צו אַ ביסל געלט מיט וועלכן זיי האָפן זיך נאָך צוריקצושטעלן א ניי לעבן. עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז זיי ווילן אויך גיין אָנגעטאָן מיט מענטשן צו גלייך וויבאַלד זיי זעען, אַז זייער נישט־שיינע הלבשה ווירקט אויף דער באַציאונג צו זיי. עס ווילט זיך זיי אויך געבן אַ ביסל מילך, שאָ־קאָלאַד און אַ בעסער מלבוש זייערע קינדער, וואָס זיינען נאָך געבליבן

פון זייערע פאַמיליעס. עס ווילט זיך זיי אויך האָבן אַ וואַרעם געלעגער און אַ בעסערע שטוב, און דאָס אַלץ קאָן מען קריגן נאָר פאַר געלט, און אויב מען קאָן דאָס לייכט מאַכן, נישט אָפּהיטנדיק אַלע דינים פון געזעץ, ווער קאָן דאָס אַזוי לייכט ביישטיין דעם יצר־הרע?...

אָבער טראָץ דעם אַלעם, טראָץ דעם וואָס די מאַכט האָט נישט דאָס פאַרשטענדעניש פאַר די ספּעציעלע פּראָבלעמען פון די יידישע פליכט־לינגע, טראָץ דעם, וואָס מאַנכע פון זיי זיינען נישט צו מאָראַליש אין אַלע דינים, דאָך קאָן מען לייכט דערקענען דעם גרויסן אונטערשיד צווישן די יידישע פליכטלינגע און די נישט־יידישע. דער גרויסער רוב פוילישע, אוקראַינישע פליכטלינגע אָדער פון אַנדערע פעלקער האָט בלויז אין זינען זייער אייגענעם איך, זייער פּערזענלעך לעבן. די יידישע פליכטלינגע האָבן אויך אין זינען יידישע פאָלקס־אינטערעסן. זיי באַ־טראַכטן זיך נישט ווי יחידים, נאָר ווי אַ טייל פון פאָלק, און זייערע פּערזענלעכע אינטערעסן מישן זיי צונויף מיט די אַלגעמיינע יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן.

דאָס, קאָן אויך זיין, איז נישט לרצון זייערע מיליטערישע באַלעבאַ־טים.

# דער חסיד פאַרן רבי׳ן

מיר זיינען צוריקגעפאָרן קיין מינכען. ליידער האָבן מיר נישט קיינעם, וואָס זאָל זיך מיט אונז אָפּגעבן. אונזער רעפּרעזענטאַנטין, סילוויא נוילענדער, אַ פאָרשטייערין פון „יידישן וועלט־קאָנגרעס", וועלכע האָט, ווי מיר זיינען געווען אינפאָרמירט, געזאָלט אָנפירן מיט אונזער טורנעע, האָט זיך נישט געקאָנט אויף אונז דערוואַרטן. זי האָט געמאַכט אַ פּלאַן אונז אויפצונעמען אין פעברואַר אָדער מערץ, אָבער ווען אין ניו־יאָרק האָבן זיך פאַרצויגן די הכנות און מיר זיינען אָנגע־קומען אין דייטשלאַנד ערשט אין מיטן אַפּריל, האָט זי דערווייל זיך פאַר־בונדן מיטן ערשטן קינדער־טראַנספּאָרט, וואָס איז לעגאַל אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, און זי האָט אים באַגלייט, זיינען מיר אין גאַנץ דייטש־

לאַנד געבליבן אָן אַ דירעקטן פאַרטרעטער. אונזערע באַלעבאַטים האָבן געמוזט ווערן די מיטגלידער פון „צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן", וואָס איז אַליין געשטאַנען אונטער דער לייטונג פון „דזשאָינט".



ווען די דעלעגאַציע איז געקומען אין די קעמפּס

(ערשטער פון רעכטס) לוי שאַליטאַן, רעדאַקטאָר פון דער קעמפּ־צייטונג, (דריטער) ה. לייוויק, (פינפטע) עמאַ שייווער, (זעקסטער) דר. ישראל אפרת

האָט זיך טאַקע מער פון אַלע מיט אונז באַשעפטיקט ד"ר גרינבערג, דער פּרעזידענט פון דעם קאָמיטעט, און ער האָט אין מינכען צונויפגערופן אויף אַ זיצונג די מיטגלידער פון קאָמיטעט אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן פון אונזער ווייטערדיקער אַרבעט. אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט פון די געקומענע האָט ביי מיר געצויגן אַ ליטווישער יונגערמאַן לוי שאַליטאַן, דער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער יידישער צייטונג פון די באַפרייטע יידן, „אונזער וועג". ער האָט, ווי די אַנדערע, פאַרבראַכט די אַלע קריגס־יאָרן אין די דייטשע גיהנום'ס, אָבער אַרויס איז

ער גייסטיק דערהויבן. אַליין, אַ טאַלאַנטירטער זשורנאַליסט און דיכ־טער, האָט ער, ווי אַ דורשטיקער, זיך געוואָרפן אויף דער יידישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט זיך געקאָנט איינשאַפן זינט דער באַפרייאונג. זיין גאָט אין דער יידישער פּאָעזיע איז געווען לייוויק, און דאָ האָט ער די ערשטע מעגלעכקייט צו שטיין פּנים אל פּנים נעבן זיין באַליבטן דיכ־טער. עס איז געווען קענטיק פאַר יעדן, אַז פאַר דעם יונגערמאַן ווערט פאַרווירקלעכט אַ לאַנג־געגאַרטער חלום, און ער אַליין גלויבט זיך נאָך נישט אַז דאָס איז נישט קיין פאַטאַמאָרגאַנאַ, ווי עס טרעפט פאַר מדבר־וואַנדערער, נאָר עס איז טאַקע אַ פאַקט. ער איז געשטאַנען נעבן לייוויקן און געקוקט אויף אים מיט אַזאַ יראת הכבוד ווי אַ פרומער ייד וואָלט זיכער געשטאַנען ווען ער זעט פאַר זיך איינעם פון די אָבות אברהם יצחק אָדער יעקב. ער האָט זיך נישט פאַרגונען צו ריידן צו לייוויקן. דאָס קוקן אויף אים בלויז, דאָס פילן, אַז ער איז אין זיין סביבה, איז פאַר שאַליטאַנען שוין געווען אַ דערגרייכונג.

און דער ריינער אמת איז, אַז פון אונז דריי איז דער איינציקער באַקאַנטער, אפילו פאָפּולערער, נאָמען ביי די באַפרייטע יידן, געווען לייוויק. אפרת, ווי אַ העברעאישער דיכטער, איז געווען ווייניק באַקאַנט צו די יידן, פון וועלכע דער גרעסטער טייל האָט קיין העברעאישע לי־טעראַטור נישט געלייענט. מיין נאָמען איז זיי געווען אַבסאָלוט פרעמד, ביז, נאַטירלעך, נאָך מיינע קאָנצערטן.

## פּראָבלעמען

אונזער ערשטער אָפיציעלער אַרויסטריט איז באַשלאָסן געוואָרן צו האָבן אין לאַנדסבערג, אָבער ווידער איז קודם כל די ערשטע פראַגע וועגן טראַנספּאָרטאַציע. מיר האָבן נישט מיט וואָס אַהינצופאָרן. מיר אַליין האָבן נישט געבראַכט מיט זיך קיין מאַשין. „אונרא״ איז אָפיציעל נישט פאַרפליכטעט אונז צו באַזאָרגן מיט מאַשינען, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון ערגעץ־וואו געבראַכט אַ מאַשין. נו, קאָנען מיר שוין פאָרן. אָבער איצט איז ווידער די פראַגע וועגן אַן אַקאָמפּאַניסט פאַר

מיר. דאָ איז אַ גרויסער פּלאַץ, דאָ דאַרף מען געבען אַ ריכטיקן קאָנ־צערט, דאַרף מען האָבן אַ גוטן באַגלייטער. מ׳האָט גענומען זוכן און געפונען א יידישן פּיאַניסט. דער שטייגער פון קינסטלער און פּראָפע־סיאָנאַלן איז, אַז זיי האַלטן פון זיך. יעדער איינער גלויבט, אַז ער איז דער גרעסטער. עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך, אַז מיין פּיאַניסט זאָל גלויבן, אַז ער איז אַזוינס און אַזעלכעס, און אפשר איז ער באמת געווען אַ גוטער פּיאַניסט, אָבער מען טאָר נישט פאַרגעסן וואָס 7 יאָר נישט־פּראַקטיצירן מאַכן פון די פינגער פון אַ פּיאַניסט, וואָס אנשטאָט אומצוגיין מיט קלאַווישן, האָבן זיי געטאָן אַלערליי שווערע פיזישע אַר־בעטן, און וואָס עס קומט נאָך צו ביי אַזאַ איינעם אין מוח, אין דער מענטאַליטעט: זיין נערוועזיטעט, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט אין די אַלע יאָרן פון ליידן. דאָס אַלץ מוז זיך אָפּשפּיגלען אין זיין אַקאָמפּאַ־ניאַמענט, און דאָס איבעריקע דאַרף מען שוין אַליין פאַרשטיין...

נו, האָב איך כאָטש געהאַפּט אויף אַ גוטער פּיאַנאָ. אָבער אויך דאָ בין איך גאַנץ היבש אַנטוישט געוואָרן.

אַז מיר זיינען אָנגעקומען אין לאַנדסבערג, וואו דער דירעקטאָר איז געווען מר. גלאַזגאָלד, האָט אונז ווידער קיינער נישט אויפגע־נומען. מיר זיינען אַריין אין הויז פון דער „אונרא״, וואו ד״ר סראל, אַ ייד, וועלכער האָט דאָרט געטאָן זייער אַ סך גוטע אַרבעט, האָט אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס צו אונז.

אויף מיין פראַגע צי עס איז אַלץ צוגעגרייט, האָט ער מיר גע־ענטפערט, אַז די יידן ווייסן אַז מיר גיבן היינט אַן אָוונט.

איך האָב באַקוקט די פּיאַנאָ, איז מיר נישט געוואָרן אַזוי גוט אויפן געמיט.

— קאָן מען נישט קריגן אַ בעסערע פּיאַנאָ? — האָב איך געפרעגט. ד״ר סראל האָט געלאַכט.

— דאָס איז אייער ערשטער אָפיציעלער אַרויסטריט, זאָגט איר, נו, איז בעסער, אַז איר זאָלט זיך שוין צוגעוואוינען כדי איר זאָלט שפּעטער נישט האָבן קיין עגמת נפש.

— אָבער עס זיינען דאָך זיכער דאָ אין לאַנדסבערג אין די הייזער

בעסערע פינאַנס — האָב איך נאָך אַלץ גע׳טענה׳ט — טאָ פאַרוואָס זאָל מען נישט ברענגען אין זאַל אַ גוטע פיאַנאָ?...

— איר וועט מוזן נעמען דאָס וואָס עס איז דאָ — האָט מיר ד״ר סראָל געענטפערט און געלאַכט — דאָס איז די סיטואַציע.

איך האָב גע׳טענה׳ט אַהער — אַהין, עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

מ׳האָט גענומען אונז איינקוואַרטירן, ווייל דאָ האָבן מיר באַשלאָסן צו בלייבן אייניקע טעג. לייוויק און ד״ר אפרת זיינען געבליבן אין „אונרא״, און איך — ביים פאָרזיצער פון לאַנדסבערגער קאָמיטעט, ד״ר גרינגאוס.

איצט קום איך צו צו אַ פראַגע, וואָס וועט אפשר אויסקומען ביי אַ סך ווי אַן איבריקע, אָבער פאַקטיש איז דאָס גאָר אַ וויכטיקע פראַגע, וועלכע האָט אַ גרויסע פסיכאָלאָגישן שייכות מיט אונזער אויפגאַבע, מיר זיינען געקומען באַרואיקן די באַפרייטע יידן, פאַרשאַפן זיי אַ גייס־טיקן גענוס, און יעדער קער, וואָס קאָן אויף זיי ווירקן פאַרקערט, קאָן האָבן זייער שלעכטע רעזולטאַטן.

קורץ גערעדט: ווי אַזוי זאָל איך גיין אָנגעטאָן אויף די קאָנצערטן? אויף קאָנצערטן פאַר אַ „נאָרמאַל״ פובליקום איז דאָס גאָר קיין פראַגע נישט. עס איז שוין דאָ אַ באַשטימטער שטאַנדאַרט. דאָ, אָבער, פאַר אָט די אומגליקלעכע דאַרף מען זיין זייער פּאָרזיכטיק. אָנטאָן זיך, ווי מ׳זאָגט „אין עסיק און אין האָניק״, ווי געוויינלעך, קאָן זיי אַמאָל שטאַרק שאָקירן. עס קאָן זיי דערמאָנען אין זאַכן, וואָס זאָלן אַרויסרופן ביי זיי שווערע דעראינערונגען. ווידער גיין אָנגעטאָן ווי אַן אייגענער יאַט, פשוט, אָן אָפיציעלקייט, קאָן אויך נישט טויגן, עס קאָן ביי זיי אַרויס־רופן אַ געפיל, אַז מען באַליידיקט זיי, מען האָט נישט צו זיי קיין באַ־ציאונג, מען האָט נישט קיין דרך־ארץ פאַר זיי. איך האָב דאָס פּראָב־לעם באַטראַכט באַצייטנס נאָך אין אַמעריקע און האָב מיך אין צייט צוגעגרייט דערצו מיט א קאָמפּראָמיס, און אַזוי בין איך געווען אָנגעטאָן, טאַקע אין אַ לאַנג קלייד, אָבער באַשיידן, אָן די „טרימינגס״.

איך האָב געפילט, אַז איך האָב דערמיט צוגעטראָפן.

דער זאַל אין וועלכן מיר האָבן געזאָלט אויפטרעטן, איז געווען זייער אַ גרויסער. ער האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַן ארמאָרי. קיין שטולן זיינען דאָרט אינגאַנצן נישט געווען, בלויז אין די ערשטע רייען זיינען געשטאַנען בענק, לאַנגע, איינפאַכע בענק. ווייטער איז דער זאַל געווען ליידיק, און דער גרעסטער טייל פון די 3,000 מענער און פרויען, וואָס זיינען געקומען, האָט די גאַנצע דריי שעה געדאַרפט



יידישע פּאָליציי אין די קעמפּס נעמט אויף די געקומענע קולטור־דעלעגאַציע

שטיין אָן דער מינדסטער האָפנונג, אַז זיי וועלן זיך קאָנען אַביסל צו־זעצן. און זיי זיינען געשטאַנען.

אויסער די אָרטיקע יידן זיינען אויך געקומען עטלעכע געסט פון מינכען, צווישן זיי אָנפירער פון „אונרא״ און די שליחים פון דער „יידי־שער אַגענץ״ פון ארץ־ישראל. דאָס פּראָגראַם איז געווען אַזוי איינגע־טיילט אַז אָנגעהויבן האָבן די דיכטער מיט רעדעס, און דערנאָך האָב

איך געזונגען. דאַן האָבן זיי געלייענט זייערע פּאָעמעס און איך בין ווידער אויפגעטראָטן מיט אייניקע געזאַנג־נומערן.

דאָס מאָל האָב איך צוגעגרייט אַ גרויס פּראָגראַם. פון דאָ, אייגנט־לעך, האָט זיך עס געזאָלט אָנהייבן אונזער טורנעע איבער די קעמפּס, און מען האָט דאָ געדאַרפט אויסאַרבעטן אַ באַשטימט פּראָגראַם.

איך האָב געזונגען „דאָס ים ליד" פון יהודה הלוי, „שבת ביים שלוש סעודות", אַ חסידיש ליד, עטלעכע ארץ־ישראל־לידער און צום ערשטן מאָל דאָס פּאַרטיזאַנען־ליד „זאָג נישט קיינמאָל".

מיר האָבן אַלע געפילט, אַז דער אָוונט איז געווען אַ העכסט איינ־געגעבענער און לויט דעם ווי ער איז אויפגענומען געוואָרן, האָט מען געקאָנט זען, אַז טאַקע דערויף האָבן זיי לאַנג געוואַרט.

נאָכן אָוונט זיינען מיר ווידער אַוועק אין „אונרא"־הויז, וואו עס איז געווען אַ שטיקל סעודה, און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן די סעריע פון דערציילונגען פון די פּליכטלינגע, דאָס שוידערלעכע ליד פון צרות און פּיין אין פאַרשידענע ענלעכע וואַריאַנטן.

אין אַ בריוו צו מיין מאַן פון יענעם טאָג, געפין איך אַזאַ סך־הכל: „איך זע איין, אַז ס'וועט זיין זייער שווער. מיר וועלן האָבן צרות דורך אונזער גאַנצער רייזע איבער דייטשלאַנד. איין זאַך בין איך אָבער זיכער, אַז איך באַדויער נישט וואָס איך בין דאָ. כ'בין פאַרנומען יעדע מינוט פון דער פרי ביז שפּעט ביינאַכט".

און אַט דער סך־הכל איז געבליבן אויך אויף ווייטער...

צומאָרגענס האָבן מיר אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן וואָס עס הערט זיך אין לאַנדסבערג. דאָ איז געווען איינער פון די עלטסטע לאַגערן, וואו עס האָבן זיך באַלד נאָך דער באַפרייאונג באַזעצט אַ סך דאַכוי־קדושים. דער קולטורעלער מצב דאָ איז אַ סך בעסער ווי אין די אַנדערע קעמפּס. טראָץ אַלע שוועריקייטן צו לערנען און פּראָדוקטי־וויזירן די פּליכטלינגע, האָט מען דאָ, שטאַרקער ווי אומעטום, באַ־קעמפּט דעם נעגאַטיוון צוגאַנג.

# אַ באַזוך איבער שולן

מיר האָבן באַזוכט די קינדער־שולן. אין די מערסטע פון זיי לערנט מען העברעאיש און ווייניקער יידיש. דאָס איז איינגעפירט צוליב פּראַק־טישע טעמים. די קינדער זיינען דאָך רעשטלעך פון פאַרשידענע לענ־דער און זיי ריידן אויף אַלערליי שפּראַכן. היות ווי די קינדער האָפט מען סוף־כל־סוף אַריבערצופירן קיין ארץ־ישראל, לערנט מען זיי שוין אַן איינהייטלעכע יידישע שפּראַך — העברעאיש.

אין מאַנכע קלאַסן האָבן די קינדער אונז אויפגענומען אויף דעם אָנגענומענעם אייראָפּעאישן שטייגער: זיי האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט. זיי האָבן געזונגען פאַר אונז, דעקלאַמירט. איין יינגל האָט געזונגען אַ ליד „ירושלים" מיט אַ סך נשמה און געמאַכט אַ טיפן רושם אויף אונז אַלע. די לערער האָבן אין אונזער אָנוועזנהייט זיי אויסגעפרעגט פאַר־




די שילער פון דער צווייטער קלאַס פון דער „תרבות"־שול אין פערנוואַלד מיט זייער לערער

שידענע זאַכן און זיי האָבן געענטפערט. אויך מיר האָבן באַקומען די מעגלעכקייט זיי אויסצופרעגן וואָס אונז האָט אינטערעסירט.

דאַן האָבן מיר באַזוכט די פאַך־שולן אין וועלכע „אָרט" האָט גע־שפּילט אַ גרויסע ראָל אי מיט זייער גרינדונג, אי מיט זייער אויסהאַלט.

אָט איז אַ שולע וואו מען לערנט מיידלעך נייען. דער קורס דויערט דריי חדשים. 4 שעה אַ טאָג אין דער פרי לערנט מען זיי דאָס פאַך. נאָכמיטאג זיינען אַלגעמיינע למודים, און דאָ טאָר מען נישט פאַרגעסן דאָס שווערע פּראָבלעם, וואָס דורך די 7 יאָר האָבן כמעט אַלע גאָרנישט געלערנט קיין אַלגעמיינע למודים, און מען דאַרף מיט זיי איצט לערנען אַזעלכעס, וואָס פּאַסט גאָרנישט פאַר זייער עלטער. אין דריי שיכטן לערנען דאָ 200 שילערינס.

פאַראַן אויך אַ שולע פאַר מענער־שניידער, און דאָ איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אין מינכען עקזיסטירט שוין זינט 200 יאָר אַ צושניידער־אַקאַדעמיע מיט אַן אַלטער לאַנגער טראַדיציע. אין די גוטע נאָרמאַלע צייטן פלעגן דאָ אַהערפאָרן אַ סך יידישע בעלי־מלאכות זיך אויס־צולערנען דאָס פאַך.

די לערער אין די שולן זיינען דייטשע פּראָפעסאָרן. וועגן זייער אַמאָליקער פּאָליטישער צוגעהעריקייט וואָלט איך נישט גאַראַנטירט. היינט אָבער לערנען זיי יידישע קינדער ווי אַזוי צו פאַרדינען זייער שטיקל ברויט דורך ערלעכע, שטאָלצע אַרבעט.

פאַראַן קורסן, וואו מען לערנט ווי אַזוי אומצוגיין מיט אויטאָמאָ־בילן און אַנדערע מאַשינען.

פאַראַן אַ שלאָסער־שול, וואו מען מאַכט קפיצת־הדרך; אַ קורס פון 4 יאָר ווערט געלערנט אין איין יאָר, און די פאַקטן ווייזן, אַז דער יידישער מוח באַנעמט דאָס.

פאַראַן אַ קורס פון טישלעריי און אַ ראַדיאָ־קורס, וואו עטלעכע שעה אין טאָג לערנט מען טעאָריע און עטלעכע שעה פּראַקטיק. 30 שילער לערנען זיך זייגער־מאַכעריי. זיי, אַזוי ווי די אַנדערע שילער, באַקלאָגן זיך, אַז עס פעלן זיי כלים און מכשירים.

די מערסטע פון די קורסן האָבן זיך אָנגעהויבן אין אויגוסט 1945. איך האָב זיי באַזוכט צום ערשטן מאָל אין אַפּריל 1946, און אין אָקטאָבער, איידער איך האָב פאַרלאָזט דייטשלאַנד, איז פאָרגעקומען אַ פאַך־אויסשטעלונג פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער זאָנע. קאָן איך מיט דער פולער אַחריות זאָגן, אַז די אויסשטעלונג האָט זיך נישט געהאַט צו שעמען אַפילו פאַר אַן אויסשטעלונג פון נאָרמאַלע שולן אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן.

דאָס איז נאָך אַמאָל אַ באַווייז, אַז זיי זיינען דאָ. זיי זיינען ווידער אויפגעשטאַנען צום לעבן אָט די האַלב־טויטע, און זיי גרייטן זיך צו באַוואוסטזיניק און אויסגעפּלאַנט צו אַ ניי לעבן. אָבער דערצו דאַרפן זיי נאָך אונזער הילף ווער ווייס אויף ווי לאַנג.

דאָ וויל איך אויך נישט דורכלאָזן צו פאַרצייכנען, אַז אין די געזעלשאַפטלעכע געביידעס ווערן אָפט אָפּגעהאַלטן מיטינגען אויף וועלכע עס ווערן באַהאַנדלט טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען פון די אָרטיקע איינוואוינער און גאַנץ אָפט ווערן דאָרט אויך באַהאַנדלט אַלגעמיינע יידישע ענינים. באַזונדערס ווערט רעאַגירט אויף די פאַרשידענע נייעס וועגן ארץ־ישראל־פּראָבלעם, וואָס די שארית הפליטה באַטראַכט נישט בלויז אַבסטראַקט, נאָר דאָס איז קענטיק דער וויכטיקסטער טייל פון איר לעבן. אין די געזעלשאַפטלעכע געביידעס זיינען אויך שוין פאַראַן אָנהויבן פון ביבליאָטעקן, וואו עס ווערן קאָנצענטרירט די פאַרשידענע ביכער, וואָס ווערן צוגעשיקט פון ארץ־ישראל און אַנדערע פרייע לענדער.

אין די אַלע פּלעצער, וואו די שארית־הפליטה־מענטשן קומען זיך צוזאַמען, קאָן מען אָפט זען הענגען טראַנספּאַראַנטן מיט פּאַסיקע לאָזונגען, באַזונדערס קעגן די נאַציס אָדער פאַר דער ציוניסטישער לעזונג פון ארץ־ישראל.

די געראַטעוועטע ווייזן אויך אַרויס אַ גרויסן אינטערעס צו די רעשטלעך זכרונות פון דער אַלטער היים. וואו זיי געפינען ערגעץ אַ זאַך, וואָס שטאַמט פון זייער אַמאָליקן לעבן, לייגן זיי עס אַוועק. גע־

זעלשאַפּטלעכע זאַכן ווערן אויסגעשטעלט אין די עפנטלעכע פּלעצער. אַזוי האָב איך אין איין פּלאַץ געזען די פאָטאָגראַפיע פון אַ יידישער שילד אין סלאָבאָדקע, און דערצו זיינען אויף דער שילד געווען אויפ־געשריבן מיט בלוט פון איינעם, וואָס איז אפשר געפירט געוואָרן צו זיין קדושים־טויט, צוויי ווערטער, וואָס זיינען רירנדיקער ווי גרויסע לאַנגע רעדעס: „יידן, נקמה!".

און די גרעסטע נקמה קעגן די דייטשן איז דאָס, וואָס אַ טייל, ליידער אַ גאַנץ קליינער טייל פון זייערע קרבנות, זיינען פאָרט געבליבן לעבן און ווילן דאָס דאָזיקע לעבן ווייטער פאָרטזעצן און פירן נישט נאָר לטובת זיך אַליין, נאָר לטובת זייער פאָלק. אין דעם זעען זיי די גרעסטע נקמה אין די נאַציס, וועלכע האָבן זיך נישט געשטעלט דעם ציל צו פאַרניכטן איינצלנע יידן, נאָר געוואָלט פאַרניכטן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, אַז מיר זאָלן בכלל אויפהערן צו עקזיסטירן.

## אין אַ קיבוץ

אין אָוונט האָבן מיר באַזוכט אַן „עונג שבת" אין די קבוצים. עס הויבט זיך אָן מיט אַ קבלת שבת, מען טאַנצט, מען לייענט פאָר פּאַסיקע שטעלן וועגן שבת, וועגן שמירת שבת, דעם קאַמף, וואָס יידן האָבן געליטן צוליב דעם. דער „מדריך" (אָנפירער) דערציילט פאַרשידענע מעשה׳לעך, אַלע געהאַלטן אין ארץ ישראל־גייסט. אַזעלכע „עונג־שבת" ווערן געפייערט אין יעדן קיבוץ, ווי קליין ער זאָל נישט זיין. אין איין קיבוץ האָבן מיר געהערט אַ 6־יאָריק ייִנגל דעקלאַמירן „טרייסט מיין פאָלק" פון פּרץ, האָט ער עס געטאָן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן פּאַ־טאָס און טיף דורכגענומענעם געפיל. די גאַנצע צייט וואָס דאָס ייִנ־געלע האָט גערעדט, האָט נאָר איין געדאַנק געעגבערט מיין מוח: „פון וואַנען?" פון וואַנען האָט זיך גענומען צו דעם קינד, וואָס איז דאָך אויפגעצויגן געוואָרן שוין אין נאַצישן גיהנום, אַזאַ נאַציאָנאַלער שטאָלץ און אַזאַ באַגייסטערטע קראַפט? אין איינעם גאָר אַ גרויסן קיבוץ

„דרור“ (פרייהייט), האָט אונז קיין עין הרע אַ גרופּע פון איבער 200 יוגנטלעכע באַגריסט מיט זינגען שלום עליכם.

„שלום עליכם מלאכי השרת“.

זיי האָבן אויף אונז געקוקט ווי אויף די מלאכים, וואָס זיינען זיי געקומען ברענגען רו, שלום, פאַרווירקלעכן זייערע חלומות פון באַזעצן זיך אין ארץ ישראל, וואו זיי זאָלן מער נישט איבערלעבן קיינמאָל דאָס וואָס זייערע עלטערן האָבן איבערגעלעבט און וואו זיי זאָלן קאָנען אויפּוואַקסן אַלס גאַנצע מענטשן און גאַנצע יידן.

די גאַנצע פירונג אין די קיבוצים טראָגט אַן ארץ ישראלדיקן כאַראַקטער. נישטאָ דער אַמעריקאַנער טומל. קיין רעדנער אָדער קינסטלער ווערט נישט אַפּלאָדירט נאָכדעם ווי ער ענדיקט, נאָר פונקט ווי ער וואָלט אָפּגעטאָן עפּעס אַן אַרבעט. דער פאָרזיצער, ווען ער שטעלט איינעם פאָר, באַנוצט ער נישט קיין געפליגלטע ווערטער, נאָר געלאַסן, כמעט קאַלט, שטעלט ער פאָר, אַז דער און דער וועט ריידן, די און די וועט זינגען. פּאַקטיש האָבן זיי אַפילו פריער קיינעם נישט געבעטן, ווי עס פירט זיך, אַז מען זאָל דאָס און דאָס טאָן, נאָר ווי עס וואָלט געווען אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, האָט דער פאָרזיצער בלויז געפרעגט ווער עס וועט זיין דער ערשטער פון אונזער גרופּע. לייוויק האָט אָנגענומען צו זיין דער ערשטער. ווען ער האָט געענדיקט, האָט געהערשט אַ טויט־שטילקייט. מיר האָבן דערוואַרט אַ שטאַרקן אַפּלאָז, אָבער קיין האַנט האָט זיך נישט געהויבן. דערנאָך איז געווען אַ שטיקל פויזע בעת וועלכע דער פאָרזיצער און די קינדער האָבן געקוקט אויף מיר ווי זיי וואָלטן דערמיט אַרויסגעזאָגט זייער ווילן, אַז איך זאָל זינגען פאַר זיי. איך האָב געבעטן, אַז זיי זאָלן אַביסל אָפּוואַרטן. איך וויל זיך פריער באַקאַנען מיט זייער אייגן פּראָגראַם. זיינען זיי ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זייער פּראָגראַם, רואיק, אָן לאַמפּן־פיבער פאַר די געסט, נישט ווי עס פּאַסירט אָפט אין אַזעלכע פאַלן. דאַן האָב איך געזונגען פאַר זיי אַ ליד. ווידער האָט זיך נישט געהערט קיין אַפּלאָז, אָבער איך האָב געפילט דעם אַפּלאָז נישט הערנדיק אים. איך האָב געפילט ווי זיי וואַרטן צו הערן נאָך אַ ליד. בין איך ווידער אַרויף אויף זייער אימפּראָוויזירטער בינע און

געגומען זינגען „כל נדרי". דאָ איז געשען עפּעס איבעראַשענדעס. זיי האָבן אָנגעהויבן וויינען. די יונגע מיידלעך האָבן געכליפּעט אויפן קול, די יונגלעך מיט אַן איינגעהאַלטן געוויין. „כל נדרי" האָט אויפגעעפנט זייערע וואונדן, וואָס זיינען נאָך נישט פאַרצויגן מיט קיין דיקע הויט. ס'האָט געגומען הערשן אַ היסטערישע שטימונג. איך האָב זיך אָנגעהויבן פילן שלעכט. אָט נאָר וואָס איז געווען אַזוי פריילעך, אַזאַ יום־טוב'דיקע שטימונג. לייוויק האָט מיך גענומען אויפפאָדערן, אַז איך זאָל זיי באַרויקן. אָבער איך אַליין בין געוואָרן אַזוי גערירט, אַז איך בין געוואָרן איינע פון זיי און זיך נישט געקאָנט באַרויקן און אַודאי נישט זיי.



עמאַ שייווער (ערשטע פון לינקס) זינגט „קדיש" אויף אַן אונטערנעמונג פון „יונייטעד דזשואיש אַפּיל". די דריטע לינקס איז מרס. עלענאָר רוזוועלט.

אָבער פּלוצלונג האָט זיך, ווי פון זיך אַליין, געהערט אַ געזאַנג, און באַלד דערויף אַ טאַנץ, אַ האָראַ־טאַנץ. און מאָמענטאַל איז די שטימונג געוואָרן אַן אַנדערע, און איך בין אויך אָנגעשטעקט געוואָרן פון דעם און זיך אַרייַנגעדרייט אין קאַראַהאָד פון דער „האָראַ".

אַזוי איז דאָך אויך אין ארץ ישראל. אין די שווערסטע מאָמענטן, אין רגע׳ס פון יאוש און פאַרצווייפלונג, קומט די האָראַ און ווידער שטראַלט אויף די האָפענונג פון אַרבעט, פון בוי, פון גליק.

אין קיבוץ „דרור" האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגן קענען צו לערנען איינע פון אונזערע לעבעדיקע לעגענדעס; די העלדין פון דער וואַרשעווער געטאָ, צביה לובעטקין. איר שטילע, צוריקגעהאַלטענע האַלטונג, איר באַשיידנקייט, וואָלטן בשום אופן נישט געלאָזט גלויבן, אַז דאָ האָט מען פאַר זיך אַזאַ גרויסע העלדין, אַזאַ געוואַגטן מענטשן, וואָס האָט אַזוי פיל אַריבערגעטראָגן און איז ווידער געקומען נישט אָפּרוען זיך אויף לאָרבער־קראַנצן, נאָר ווייטער טראָגן די לאַסט פון אַרבעט, פון בויאונג.

## אַ באַזוך ביי קינדער

שבת נאָכמיטאָג בין איך אויפגעטראָטן אויף אַ ספּעציעלן קאָנצערט נאָר פאַר קינדער. בערך 300 קינדער האָט מען פאַרזאַמלט אין אַ סי־נעמא (מואווי הויז) און דאָרט האָב איך געזונגען פאַר זיי קינדער־לידער.

נאָכן זינגען האָב איך מיט זיי גערעדט. עס איז געוואָרן אַזוי שווער אויפן האַרצן צו הערן ווי די דאָזיקע קליינע קינדערלעך טראָגן שוין אויף זיך אַזוי פיל לאַסט פון מענטשלעכע פאַרדאָרבענקייט און רשעות. אין די פּרימיטיוועסטע פאָרמען, מיט געציילטע ווערטער האָבן אַ סך פון זיי דערציילט ווי זייערע טייערסטע, זייערע טאַטע־מאַמע, ברידערלעך און שוועסטערלעך זיינען אומגעקומען. אַ סך פון זיי באַגרייפן נאָך ביז איצט נישט וואָס עס איז אַזוינס טויט, אָבער אַנדערע קוקן אויפן טויט מיט אַזאַ באַוואוסטזיניקייט, וואָס מיר דערוואַקסענע אין די פרייע לענ־דער, וועלכע האָבן נישט געליטן פון דעם היטלער־רעזשים, האָבן אפילו

נישט קיין באַגריף. דאָס זיינען זקנים מיט קינדערישע גופים און פנימ׳ער.

שבת אָוונט איז געווען דער דריטער יאָרצייט פון דעם אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ. זיי אַליין האָבן געהאַט צוגעגרייט אַ פּראָג־ראַם. דער עולם איז געווען גאָר אַ גרויסער; איבער 3,000 מענטשן. דאָס איז אַ קאַפּיטל אין זייער לעבן, וואָס זיי קאָנען נישט פאַרגעסן, און קיינער אַזוי ווי זיי, וואָס האָבן מיטגעמאַכט ענלעכע קאַמפן אין אַנדערע געטאָס אָדער טאַקע אין דער וואַרשעווער געטאָ, קאָנען נישט אַזוי אָפּשאַצן וואָס אונזערע קדושים האָבן איבערגעלעבט אין דעם געטאָ־אויפשטאַנד. ד״ר גרינגאוס האָט צווישן אַנדערעס פאָרגעלייענט אַ קאַפּיטל געשיכטע פון אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ, און מיך געבעטן צו זינגען צום שלוס פון אָוונט „כל נדרי״. און ווען איך האָב געקראָגן אַ שטאַרקן אַפּלאָז, האָט עס מיך שאָקירט. איך האָב געפילט מער גערירטקייט אין דעם שווייגן נאָך מיין זינגען אין קיבוץ ווי אין דעם אַפּלאָז דאָ ביי דעם גרויסן עולם.



יידישע קינדערלעך שפּילן זיך ווידער ווי קינדער

# דער אויפרודער אין לאַנדסבערג

זונטיק אין דער פרי האָב איך, וואַרטנדיק אויפן הויפּט־שאָסעע וואָס פירט צום לאַגער, אויפן אויטאָ, וואָס זאָל אונז אַרויספירן קיין מינכען, דערפילט עפּעס אַן אומרואיקייט. איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער און דערזען אין לאַגער ווי מענטשן לויפן אין גאַס אַהין און אַהער. באַלד איז געוואָרן אַזאַ גערודער, אַז מען האָט עס געקאָנט הערן אפילו אין שטוב. איך האָב זיך שוין מער נישט געקענט איינהאַלטן רואיק אין שטוב און בין אַרויס, און דאָ האָב איך זיך דערוואוסט די אורזאַך פון דעם אויפגערודער.

אין אַ קליינעם קיבוץ, נישט ווייט פון לאַנדסבערג, זיינען צוויי יידישע בחורים, וועכטער, פאַרשוואונדן אין מיטן דער נאַכט אויף זייער וואַך. עס האָבן זיך באַלד פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען האָט זיי דערהרג׳עט.

די שטימונג ביי די דיפּיניקעס אין לאַגער איז שטענדיק געווען אַן אָנגעהיצטע. זייערע געמיטער זיינען געווען אויפגערעגט אויך אָן דעם. דער קלענסטער פונק איז געווען גענוג אָנצומאַכן אַ גרויס פייער. אָט דער קלאַנג אָדער ידיעה איז געווען גענוג און איבריק, אַז זיי זאָלן פאַרלירן זייער גלייכגעוויכט און אָנהויבן רעאַגירן ווי עס רעאַגירן צעהיצטע מענטשן. דער עולם האָט אָנגעהויבן צו ווערן ווילד. מען האָט גענומען שרייען אויפן קול, אַז מען וויל גיין אין שטאָט אַריין, אַז מען וויל נעמען פאַר אַ משכון דעם דייטשן מעיאָר מיט נאָך צען דייטשן, וואָס וועלן מיט זייער לעבן באַצאָלן אויב עס וועט זיך טאַקע אַרויסשטעלן, אַז די צוויי יידישע בחורים זיינען אומגעקומען דורך דער דייטשער באַפעלקערונג.

דער לאַגער איז אָפּגעשלאָסן פון שטעטל און ביים אַריינגאַנג צום לאַגער שטייט אַ וואַך, וואָס לאָזט נישט סתם אַריין אָדער אַרויס. דער שרייענדער עולם איז געשטאַנען נעבן טויער און געוואַלדעוועט. זיי זיינען געשטאַנען מיט אויפגעהויבענע פויסטן און מיט צעהיצט בלוט, גרייט צום קאַמף.

עס זיינען געקומען פון זיי כסדר אויסרופן:

— מיר וועלן זיך נישט לאָזן אויסשעכטן פון די נאַציס!

— מיר וועלן נישט לאָזן מער הפקר אונזער בלוט!

— נקמה פאַר די צוויי קדושים!

— לאָזט אונז זיך אָפּרעכענען מיט אונזערע שונאים!

עס איז געווען אַ פּשוט׳ער רעוואָלט. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס וואָס די אָנפירער פון לאַגער, וועלכע זיינען געווען אין דרויסן, די פאַרשטייער פון „אונרא״ און פון דער „יידישער אַגענטור״, האָבן אַפּעלירט, אַז מען זאָל זיך באַרואיקן און מען זאָל לאָזן דעם ענין אויספאַרשן. פאַרקערט, וואָס מער מען האָט דעם עולם צוריקגעהאַלטן, אַלץ ווילדער איז ער געוואָרן.

די יידישע פּליכטלינגע, וועלכע האָבן זיך געפונען דרויסן פון לאַגער, זיינען באַלד אין זייער אויפרעגונג, איבערגעגאַנגען צו מעשים. אויפן שאָסע האָבן זיי אָפּגעשטעלט יעדן באָס, וואָס איז דורכגעפאָרן מיט דער ציווילער דייטשער באַפעלקערונג און אים נישט געלאָזט ווייטער פאָרן. צו איין דייטשן באָס האָבן זיי אויסגעלאָזט זייער גאַנצן כעס. זיי האָבן דעם באָס אונטערגעצונדן און דעם באָס־דרייווער גוט אָנגעמזיק׳ט.

די לאַגע איז געוואָרן דענערווירנדער און דראָענדער פון מינוט צו מינוט. עס איז געווען די געפאַר, אַז דער גאַנצער עולם פון קעמפּ זאָל אַרויס און זיך אַ לאָז טאָן קעגן דער שטאָט. מען דאַרף אַריינגיין אין זייער מענטאַליטעט. נאָך די אַלע יאָרן איבערמענטשלעכע ליידן זיינען זיי נאָך נישט באַפרייט, ווערן געהאַלטן ווי אַרעסטאַנטן, און דאָ קומען נאָך דייטשן, זייערע פּייניקער, און ערמאָרדן זיי איצט, אונטער דער אויפזיכט פון די עליים, טאָ אויף וועלכן יושר האָבן זיי נאָך צו האָפן? בלייבט דען אָן אַנדערע ברירה ווי איבערצונעמען דאָס „געזעץ״ אין די אייגענע הענט?

די דייטשע פּאָליציי האָט באַלד אַרומגערינגעלט דעם גאַנצן קעמפּ און אויסגעשטעלט קעגן די יידן זייערע ביקסן. עס האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ מלחמה־פּלאַץ מיט צוויי קעגנגעזעצטע אַרמייען: איינע אַ באַוואָפנטע מיט געווער און די אַנדערע מיט פּרימיטיווע מיטלען, אָבער איינע קעגן דער אַנדערער אויסגעשטעלט גרייט צום קאַמף.

אַלע באַמיאונגען פון די פירער פון קעמפּ איינצושטילן די אויפ־רעגונג, האָבן זיך נישט איינגעגעבן. מ'האָט זיי גאָרנישט געלאָזט ריידן, און ווען זיי האָבן שוין יאָ געקאָנט אַרויסריידן אַ וואָרט פון איינשטילן, בארואיקן, האָבן זיך פון דער אַנדערער זייט, פון די דיפּיניקעס, גע־הערט אויסרופן:

— וואָס רעדסטו, דו האָסט דורכגעמאַכט וואָס מיר?

— דו ביזט געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער?

— וואָס האָבן מיר וואָס צו פאַרלירן?

לייוויק, וועלכער איז נאָר וואָס אַזוי אויפגענומען געוואָרן מיט אַזאַ דרך־ארץ, האָט געפּרואווט ריידן, אָבער מען האָט אים קוים געהערט.

מיר האָבן שטאַרק געוואָלט בלייבן און זען וואָס דער סוף וועט זיין, אָבער מיר האָבן נישט געקענט, ווייל מיר זיינען געווען באַשטעלט אויפצוטרעטן נאָכמיטאָג אין אַן אַנדערן פּלאַץ. דער קעמפּ־דירעקטאָר האָט דערקלערט, אַז ער וועט מיט אונז גיין אין שטאָט אַריין, אָבער די פּאָליציי וויל אונז גאָרנישט אַרויסלאָזן, ווייל זי האַלט דעם גאַנצן פּלאַץ אַרומגענומען מיט אַ קאָרדאָן. ענדלעך האָט זיך ד״ר גרינבערגן איינ־געגעבן אונז צו באַפרייען און אונז צו ברענגען אַרויף אויפן הויפּט־וועג.

אונזער שטימונג איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, איבערהויפּט נאָך ווען מיר זיינען געווען אַזוי גוואַלדיק פאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס דער סוף איז געוואָרן.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז מ'האָט אַרעסטירט 20 יידן און קעגן 5 האָט מען געהאַט אַ שווערע באַשולדיקונג. דער „אויפ־שטאַנד" אין לאַנדסבערג האָט זיך איינגעשטילט.

עמא שייווער

# קירכן־גלאָקן געמישט מיט לידער פון יידישע קינדער

אונזער אויפטריט האָט געדאַרפט זיין אין סט. אטיליען. ווי אומעטום, איז דאָ פאַראַן אַ טויער, און אָט ביי דעם טויער האָבן מיר געהאַט אַ קבלת־פנים, וואָס וועט זיכער קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן. די קינדער, וואָס געפינען זיך דאָ, אַ טייל באַפרייטע און אַ טייל אויסגעלייזטע פון גויאישע הענט, האָבן אונז באַגעגענט מיט בלומען אין די הענט. זיי האָבן מאַרשירט מיט אונז צו זייער הויפט־קוואַרטיר, וואָס האָט זיך געפונען, ווי שוין פריער דערמאָנט, אין אַ געוועזענעם מאָנאַסטיר. אויפן וועג האָבן זיי געזונגען העברעאישע לידער. שוין זייער געזאַנג אַליין האָט געקאָנט אָנפילן דאָס הארץ מיט פרייד ווען מען האָט אַ טראַכט געטאָן ווי לאַנג איז עס אײנגאַנצן ווי אָט די קינדערלעך האָבן געלעבט אַלס גויים אָדער ווי מענטשלעכער אָפּפאַל, און דאָ גייען זיי אָנגעטאָן ריין, אין בלאַנקענדיקע קליידער, און זינגען פרייילעך און מונטער, אָבער דאָ איז נאָך אומדערוואַרט צוגעקומען אַ מאָמענט, וואָס האָט אונז גאַר צעטומלט און אַרויסגערופן מערקווירדיקע געדאַנקען און געפילן.

אינמיטן פון דעם קינדער־מאַרש האָבן זיך פון דעם מאָנאַסטיר באַוויזן צוויי מאָנאַכן און עס האָבן זיך פלוצלונג צעקלונגען די קירכן־גלאָקן.

ביידע קלאַנגען, די קלאַנגען פון די פיצלעך קינדער מיט זייערע העברעאישע לידער, און די שרייענדיקע טענער, די שווערע קלאַנגען פון די קירכן, וועמענס געטרייע דינער און אָנהענגער, די מיליאָנען דייטשע, פוילישע, אוקראַינישע, לעטישע, ליטווישע און אַנדערע גלויביקע, האָבן אַזוי הפקר׳דיק געשאָכטן און געמאָרדעט די עלטערן פון די קינדער, האָבן זיך אויסגעמישט, זייגען אַרויף אין דער הויך, צו די הימלען.

נייִן, די קלאַנגען פון די מעכטיקע האָבן ניט געקאָנט שטיל מאַכן די קלאַנגען פון די שוואַכע.

עס איז פאַר אונז אויך דאָ רוים און פּלאַץ צו לעבן אונטער גאָטס הימלען.

דאָס גאַנצע בילד האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן. עס האָט אויס־געזען עפּעס ווי אַ מיראַזש.

מיין אַקאָמפּאַניאַטאָר איז פאַרשוואונדן און איך האָב געדאַרפט אָנ־הויבן זאָרגן וועגן קריגן אַ נייעם. אָבער דאָ, אין סט. אטיליען, וואו עס איז דאָ אַ יידישער אָרקעסטער, איז דאָס פּראָבלעם נישט אַזאַ שווערס. דאָ האָט מען באַקומען אַן אַנדערן באַגלייטער. ער האָט 6 יאָר צייט גאָרנישט געטאָן אויף זיין געביט. ער איז געווען אַ קינסטלער, און ער האָט אַרויסגעוויזן אַ געמישט געפיל. פון איין זייט איז ער געווען



אַ טעאַטער־שפּיל, געשפּילט דורך יידישע קינדערלעך

דרײסט, אַז ער װעט קאָנען לײכט אַקאָמפּאַנירן. פון דער אַנדערער זײט האָט ער זיך פּאָרט געשראָקן, אַז אפשר האָט ער שוין פאַרגעסן זײַן קונסט. כ'האָב אים דערמוטיקט און ער איז געװאָרן מײַן אַקאָמ־פּאַניאַטאָר. אין אָװנט איז פאָרגעקומען דער קאָנצערט. זײער אָרקעס־טער אונטער דער אָנפירונג פון זײער דיריגענט און גרינדער האָפּ־מעקלער האָט פריער געשפּילט. דאַן האָבן מיר גערעדט און געזונגען. דערנאָך האָבן די קינדער געזונגען געטאָ־לידער. צװישן זײערע זינגער איז אױך אַרױסגעטראָטן פרײלײן דערמאַשקין פון דער װילנער געטאָ. זי האָט געזונגען דאָס ליד „צו אײנס, צװײ דרײ״, פון קדוש לײב ראָ־זענטאַל פון דער װילנער געטאָ, װאָס איך האָב שפּעטער איבערגע־נומען צו זינגען.

עס האָט אונז דאָס לעבן גערופן,
דאָס לעבן פון זוניקע טעג,
האָט יעדער פון לאַנד אַזױ מונטער געשפּאַנט
און באַזונדער געגאַנגען זײַן װעג
צו אײנס, צװײ, דרײ

אױף אַרבעט אין װעג זיך געלאָזט
יעדער טראָט האָט זײַן קלאַנג,
יעדער װעג זײַן געזאַנג,
װען דו װײסט, װאו דו גײסט און פאַרװאָס.

נאָר איצט איז פאַרװערט טראָטואַרן,
פאַר אַנדערע דער װעג איז נאָך פרײ,
נאָר דו טו אַ קוק אױפן שטײנערנעם ברוק
זיך שלעפּ אונטער קלעפּ פון נאַגײ
צו אײנס, צװײ, דרײ

דעם ברוק האָט מען אונז נאָר געלאָזט,
האָט דער טראָט אַזאַ קלאַנג,
גאָר אַן אַנדער געזאַנג,
װען דו גײסט װאו מען הײסט און פאַרװאָס.

מיר זיינען דאָ

געווען ביי אונז הונדערטער דורות
געבויט זייער לעבן, געשאַפט,
ביז עס האָט אַזאַ שווערד אַלץ פאַרווישט פון דער ערד,
און אונז דאַן געפירט ווי די שאָף,
צו איינס, צוויי דריי,

ווי שאָף זיך פירן געלאָזט,
ביז דיין ווייב און דיין קינד
און דאָס גאַנצע געזינט זיך געפרעגט
דאַן וואוהין און פאַרוואָס

נאָר, ברודער, אַן אַנדער ריטם
וועט באַלד צו דיין אויער דערגייין,
און די וואָס פון שרעק ליגן היינט נאָך פאַרשטעקט,
שפּאַנען מאַרגען מיט אונז און ניט אַליין
צו איינס, צוויי דריי,

דעם טויער דעם געטאָ פאַרלאָזט,
וועט ביי אַלט און ביי יונג,
טאָן אַן אַנדער זינג,
און דו ווייסט וואו דו גייסט און פאַרוואָס

פריילין דערמאשקין האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק מיט איר זינגען. אויסער אַ שיינע שטימע, האָט זי אין דעם ליד אַריינגעלייגט איר נשמה, און ווער נאָך אַזוי ווי זי, וואָס האָט אַליין מיטגעמאַכט די ווילנער געטאָ, האָט געקאָנט אַזוי אַרויסברענגען דאָס דאָזיקע ליד? אַקאָמפּאַנירט איז זי געוואָרן דורך אירע אַ שוועסטער, וועלכע האָט זיך אויך באַוויזן צו ראַטעווען פון די הענט פון די רוצחים.

נאָכן קאָנצערט זיינען מיר אַלע אַוועק צו ד״ר גרינבערג. דאָ האָבן מיר געהערט די שטאַרקסטע לויב־ווערטער פאַר אונזער קומען. מיר האָבן אונזערע ברידער דערפרישט און אויפגעלעבט, און זייער פרייד איז נישט געווען קלענער ווי מיר וואָלטן זיי געבראַכט די גרעסטע מאַטעריעלע אוצרות.

ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן די פּעק מיט מעשיות וועגן דעם לעבן אונטער היטלערן און ווי אַזוי מען האָט זיך געראַטעוועט און ווער ס׳האָט וועמען פאַרלאָרן און אונטער וועלכע אומשטענדן.

נאָך אַזעלכע געשיכטעס קאָן זיך רואיק נישט שלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט חלומ׳ן זיך די ווילדע חלומות, אָבער ווען מען הערט די באַפרייטע ווידער דערציילן וואָס זיי זיינען אַלץ דורכגעגאַנגען, ווישט זיך אָפּ די גרענעץ צווישן די בייזע ווילדע חלומות און די שווידערלעכע פאַרגאַנגענע ווירקלעכקייט.

מאָנטיק אין דער פרי האָבן מיר באַזוכט אַן אָרטיקן קינדער־גאָרטן. די קינדער האָבן פאַר אונז פאָרגעשטעלט אַ שפּיל פון געזאַנג און טאַנץ. כ׳האָב פאַר זיי געמוזט זינגען דאָס לידל „תרועה״, וואָס איז געבויט אויף דער נגינה פון שופר־בלאָזן. די קינדער זיינען געווען באַגייסטערט פון דעם לידל. איך האָב מיט זיי גענומען איינזינגען דאָס לידל „תרועה״, און די קינדער האָבן עס אַזוי שנעל אויפגעפּאַסט, אַז נאָך איידער מיר זיינען אַוועקגעפאָרן, האָבן זיי עס שוין געקאָנט אַליין זינגען. זייער פרייד איז געווען אין לשער.

## אַ באַזוך אין שפּיטאָל

דערנאָך האָבן מיר באַזוכט דאָס שפּיטאָל. די קראַנקע, וועלכע קאָנען אַרומגיין, זיינען געקומען צום קאָנצערט. עס האָבן זיך אָבער געפונען אַזעלכע, וואָס קאָנען נישט פאַרלאָזן זייערע בעטן. האָבן מיר באַשלאָסן זיי נישט צו איגנאָרירן און מיר זיינען אַרומגעגאַנגען אַרום די בעטן און גערעדט צו די חולאים.

די קראַנקע זיינען אי עלטערע מענטשן, אי יונגע בחורים, טובער־קולאָזע. דאָס איז זיי געקומען פון ליגן אין די נאַסע לעכער, אין די בונקערס, אין די אָפענע וועלדער און פעלדער און אַ סך פון זיי האָבן פשוט באַקומען אונטערגעהאַקט די לונגען פון זייערע דייטשע נוגשים. די מענטשן פילן, אַז זיי וועלן שוין מער קיינמאָל נישט שטיין צוריק אויף זייערע פיס און קאָנען פירן אַ נאָרמאַל לעבן ווי די אַנדערע זיי־ערע אייגענע און נאָענטע, וואָס האָבן זיך פאַרט באַוויזן צו ראַטעווען כאָטש האַלב־געזונטע.

זיי האָבן נישט גערעדט. זיי האָבן נישט געמאַכט קיין פאַרוואורפן. זיי האָבן זיך נישט באַקלאָגט אויף זייער גורל. אָבער דאָס נישט־גע־רעדטע איז געווען אין זייערע אויגן, אין זייערע בליקן, אין זייערע באַוועגונגען, און מיר האָבן זיך באַמיט זיי צו מאַכן גוט פילן, כאָטש אויף אַ רגע פאַרגעסן אין זייער גרויס אומגליק.

דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָבן מיר מיטגעמאַכט אַ צערעמאָניע אין טרויעריק־באַרימטן דאַכוי. עס איז געווען דער יאָר־טאָג נאָך זייער באַפרייאונג. מיר זיינען געפאָרן אַהין צוזאַמען מיט אַנדערע מיטגלי־דער פון צענטראַל־קאָמיטעט.

מיר זיינען געשטאַנען מיט אַ צעבראָכן האַרץ און מיט אַ דער־שלאָגן געמיט, געדענקענדיק, אַז יעדעס שטויבעלע דאָ איז דורכגע־ווייקט מיטן בלוט פון אונזערע קדושים.

דעם ערשטן אָפּשטעל האָבן מיר געמאַכט ביים מאַסן־קבר. דאָ ליגן צענדליקער טויזנטער אומגעקומענע. מען איז נישט זיכער, אַז אַלע אומגעקומענע דאָ זיינען יידן. מען זאָגט, אַז אויך מענטשן פון אַנדערע פעלקער זיינען דאָ געפאַלן קרבנות פון די היטלער־מערדער. ווען אפילו דאָס זאָל טאַקע זיין, מינערט עס אָבער אַלץ נישט דעם פאַקט, אַז צענדליקער טויזנטער פון אונזערע ברידער און שוועסטער האָבן דאָ געפונען זייער לעצטע רו, אָבער דאָך איז די צערעמאָניע געווען נישט קיין ריין־יידישע, נאָר אַן אינטערנאַציאָנאַלע. אויף אַ גרויסן אָפענעם טראָק האָט מען אויפגעשטעלט לאוד ספיקערס (הויך־ריידער) און פאָרשטייער פון פאַרשידענע פעלקער האָבן גערעדט אין זייערע

שפראַכן און באַווײנט זייער אומגליק. אַ פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט, דוד טרעגער, האָט גערעדט אויף העברעאיש, לייוויק האָט גערעדט אין יידיש. אויפן הייליקן פלאַץ פון די ברידער־קברים שטייט אַ גרויסער מגן דוד. מיר האָבן מיטגעבראַכט אַ קראַנץ בלומען, וואָס מיר האָבן אַוועקגעלייגט מיט גרויס יראת הכבוד אויפן הייליקן קבר.

די גאַנצע צייט פון דער צערעמאָניע איז אַרום דעם ברודער־קבר געשטאַנען אַ וואַך פון יוגנטלעכע. דאָס זיינען געווען בחורים און מיידלעך פון די פאַרשידענע קיבוצים אין דעם ראַיאָן. זיי זיינען געשטאַנען ווי שטומע, אָן אַ וואָרט צו ריידן, אָבער אַלע זייערע אברים האָבן גערעדט. געווען צווישן זיי קינדער, וואָס האָבן דאָ טאַקע ליגן זייערע טייערסטע אויף דער וועלט: זייערע טאַטע־מאַמע אָדער אַנדערע נאָנטע פון דער משפחה און עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן זייערע געפילן ווען זיי זיינען געשטאַנען ביי דעם פלאַץ פון דעם מאַסן־מאָרד . . . אַנדערע, וואָס האָבן זייערע עלטערן פאַרלאָרן אין די אַנדערע מאָרד־פלעצער, האָבן שטייענדיק דאָ אין דער וואַך, באַערט דעם אָנדענקען פון יענע קדושים, אָבער וויפל פון זיי האָבן אפילו נישט געוואוסט וואו עס געפינט זיך אַ זכר פון זייערע אייגענע און נאָנטע!

מיר, די דריי מיטגלידער פון דער קולטור־דעלעגאַציע, זיינען דערנאָך אַריינגעלאָזט געוואָרן אין דעם טרויעריק־באַרימטן דאַכוי־לאַגער גופא. מיר זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון טשאַפליין ראַביי קלאַוזנער.

## דער רעפאָרמירטער ראַביי

ראַביי קלאַוזנער איז געווען פון די ערשטע, וואָס זיינען געקומען אין אייראָפּע באַלד נאָך דער באַפרייאונג. זיין הויפּט קוואַרטיר איז אין מינכען. דאַכוי איז אין זיין געביט. ער איז זייער אַ וואַרעמער ייד, ענערגיש, טעמפּעראַמענטפול, שטאַרק צעוויייטיקט פון די יידישע צרות. אין די ערשטע טעג אָדער אַפילו וואָכן נאָך דער באַפרייאונג איז די שטערבלעכקייט צווישן די באַפרייטע יידן געווען זייער אַ גרויסע. גע־

שטאַרבן איז מען, ווי מאָדנע ס׳זאָל נישט קלינגען, פון צוויי קאָנטראַסטן. מאַנכע דערפון, וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט עסן, ווייל זיי האָבן שוין מער נישט געהאַט קיין כחות. די נאַציס האָבן ביי זיי אַרויסגענומען דעם לעצטן טראָפּן כח און וויפל די מעדיצינישע מאַכט האָט זיך באַמיט זיי צוריקצושטעלן אויף די פיס, זיי אפילו קינסטלעך צו דערנערן אַבי שטאַרקן זייערע גופים, איז עס שוין געווען צו שפּעט. אַנדערע, וואָס זיינען געווען שטאַרקער און האָבן יאָ געהאַט דעם כוח צו עסן, זיינען געווען אַזוי אויסגעהונגערט, אַז זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן עסן, און היות ווי זייער אינגעווייד איז שוין נישט געווען צוגע־וואוינט איבערצוקאָכן קיין עסן, זיינען זיי געשטאָרבן פון איבערעסן זיך. טשאַפּליין קלאַוזנער האָט געהאַט אַ רעכט ביסל אַרבעט צו ברענ־גען די דאָזיקע נייע קרבנות צו זייער אייביקער, יידישער רו. דער־נאָך האָט ער ביסלעכווייז אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דאָס יידישע לעבן ביי די לעבן־געבליבענע.

כאָטש אָפיציעל איז ער געווען אָנגעשטעלט ביי דער אַרמיי, איז ער פאַקטיש געווען דער פאַרבינדונגס־אָפיציר צווישן דער אַרמיי און דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן. באמת, האָט ער טאַקע אָרגאַניזירט דעם צענטראַל־קאָמיטעט. ער, דער רעפאָרמירטער ייד, האָט אפילו געהאָלפן גרינדן די יידישע צייטונג. דעריבער איז גאַנץ נאַטירלעך וואָס טשאַפּליין קלאַוזנער איז אַ שטיקל לעגענדע צווישן די באַפרייטע יידן. קיין עכטן יידיש האָט ער נישט געקענט ריידן, נאָר דעם טיפּיש אַמעריקאַנער יידיש, ווי עס ריידן געבוירענע יידן אין אַמעריקע, וואָס כאַפּן יידישע ווערטער פון גאַס אָדער אַמאָל פון זייערע עלטערן. און דאָס וואָס ער האָט שוין יאָ אַרויסגעזאָגט אויף יידיש, איז געווען מיטן אמת׳ן אַמעריקאַנער אַקצענט, אַז עס איז געווען פאַר די דאָרטיקע יידן שווער צו פאַרשטיין וואָס ער מיינט. דאָך האָט ער געהאַלטן רעדעס אויף אָט דעם צעקאַלעטשעטן יידיש, וואָס האָט אים גענוג אויסגעמאַטערט. דער עולם פלעגט הערן זיינע יידישע רעדעס און שמייכלען. עס איז שוין געוואָרן דאָרט אַ ספּאָרט צו אימיטירן און אימפּראָוויזירן זיינע יידישע רעדעס. מ׳פלעגט זיך זייער אַמוזירן דער־

פון. דאָס אינטערעסאַנטסטע איז, אַז ער פלעגט זיך פון דער דאַזיקער נאָכקרימעניש נישט באַליידיקן. נאָך מער, ער פלעגט זיך אַליין אַמוזירן מיט אַלע צוגלייך. אָבער אין דער זעלבער צייט וואָס מען האָט, דאַכט זיך, אים פאַראַדירט און חוזק געמאַכט פון זיינע יידישע רעדעס, האָט מען צו אים אַלס מענטש און וואַרעמען ייד געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ. ער איז עס ווערט געווען. ער האָט זייער אַ סך געטאָן פאַר דער שארית הפליטה.

טשעפליין קלאַוזנער האָט גוט געקענט אַלע ווינקעלעך פון דאַכוי. ער האָט אונז דורכגעפירט אַ שכנות׳דיק שטעטל פון דעם קעמפּ דאַכוי. דער קעמפּ און דאָס שטעטל זיינען אַזוי נאָענט, אַז זיי זיינען כמעט ווי איינס, און דאָך האָבן די דייטשן אין דעם שטעטל די חוצפה צו זאָגן, אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום אַנונג וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין קעמפּ אין דאַכוי. זיי זיינען נישט קיין נאַציס און זיי האָבן גאָרנישט געוואוסט. נעבעך!, מען דאַרף באמת זיין אידיאָטן צו טראַכטן, אַז מען קאָן זיי גלויבן, אַז זיי האָבן נישט געוואוסט וועגן דער שוידער־לעכער מענטשלעכער, אָדער אוממענטשלעכער טראַגעדיע, וואָס שפּילט זיך אָפּ הינטער זייער נאָז.

ניין, דאָס איז אוממעגלעך. די דייטשן פון דעם שטעטל האָבן יאָ געוואוסט און זיי האָבן עס אָקצעפּטירט. זיי זיינען פּונקט די זעלבע מערדער ווי די, וואָס האָבן געאַרבעט אין קעמפּ. וואָלט מען זיי גערופן אין קעמפּ טאָן די „הייליקע פאָטערלאַנדס אַרבעט״, וואָלטן זיי גערן געגאַנגען. אומזיסט איז דעריבער זייער איצטיקע געמאַכטע נאַאיוויטעט, אַז זיי זיינען גאָט די נשמה שולדיק. ניין, זיי זיינען זייער נשמה שולדיק דעם טייוול!

## אין גיהנום

עס איז שוין אַ יאָר נאָך דער באַפרייאונג. דאָס בלוט פון אונזערע קדושים איז נאָך נישט פאַרטרוקנט, און דאָ איז שוין באַלד גאָרנישט קענטיק. דער פּלאַץ איז געוואָרן אויסגעפּוצט, כמעט ווי אַ פּאַרק. די

וועלט וועט אפשר באַלד גאָרנישט וויסן פון אונזער בראָך. נאָך אַ נס, וואָס מען האָט כאָטש דאָ אָוועקגעשטעלט אַ פּלאַקאַט, וואָס זאָגט אָן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, אַז דאָס איז דער גיהנום וואו דריי הונדערט טויזנט מענטשלעכע לעבנס, אומשולדיקע מענטשלעכע לעבנס, זיינען פּריצייטיק פאַרשניטן געוואָרן דורך מערדערלעכע הענט.

אָט דאָ זיינען געווען די קרעמאַטאָריעס, וואו מען האָט געברענט. דאָ זיינען געווען די בוימער אויף וועלכע מען האָט געהאנגען און דאָ ביי די ווענט האָט מען גלאַט געשאָסן ווען מען ס'האָט זיך די רשעים פאַרגלוסט.

עס זעט נישט אויס ווי בלויז איין יאָר טיילט אונז אָפּ פון די שוידערלעכע געשעהענישן, נאָר ווי מיר געפינען זיך ערגעץ אין אַ מוזעאום מיט טויזנטער יאָרן צוריק, אין די צייטן פון די פּרעה'ס, פון די צעזאַרס, ווי אַלץ האָט גאָרנישט קיין שייכות מיט די מענטשן, די לעבעדיקע, וואָס מיר זעען אַרום, אָבער דאָס איז דאָך נישט אמת. יעדער איינער דייטש, וואָס וואוינט דאָ און אַרום, האָט אַ חלק אין דעם מאָרד, אין די פאַרברעכנס, וואָס זיינען דאָ אָפּגעטאָן געוואָרן.

מיר קומען צו די אויוונס. עס שטייען דאָ לזכר אַלע קעמפ־מכשירים מיט וועלכע מען האָט אָנגעטאָן די עינויים קשים די קרבנות. מען ווייזט אונז דעם ערשטן אויוון, וואָס איז נאָך נישט געווען גענוג אַנטוויקלט. עס האָט נישט גענומען גענוג שנעל צו פאַרברענען די קרבנות. די דייטשע „ציוויליזאַציע" האָט זיך נישט געקאָנט ערלויבן, אַז גראָד אויף דעם געביט זאָל זי זיין צוריקשטעליק. די דייטשע מוחות האָבן אויך דאָ גענומען אַרבעטן, מען דאַרף מאָדערניזירן, מען דאַרף אַריינפירן פּראָגרעס, און מען האָט אַריינגעפירט; די שפּעטערדיקע אויוונס האָבן שוין געאַרבעט שנעלער און שטאַרקער. זיי האָבן האַסטיקער און גרינט־לעכער פאַרברענט די אַריינגעוואָרפענע מענטשן.

און אָט זענען די גאַז־צימערן. זיי טראָגן ווירקלעך דעם כאַראַקטער פון אַ מוזיי. דאָ דאַרף מען שוין גאָרנישט דערציילן. דאָס אויג זעט אַלץ אַליין. די פּופּעס, וועלכע מען האָט דאָ אָוועקגעשטעלט, שטעלן מיט

**זיך פאַר די נאַצישע נוגשים, ווי זיי פירן דורך דעם גאַנצן טעראָר קעגן זייערע קרבנות. מ׳זעט דעם טיש וואו מען האָט געשמיסן די קדושים, די גאַז־צימערן, וואו מען פלעגט אַריינלאָזן דעם גאַז און דער קרבן**



(פון אויבן) אַ מאנקען, וואָס ווייזט ווי אַזוי מ׳האָט געפייניקט די קדושים; (אונטן) אַ שילד, וואָס ווייזט אָן דאָס אָרט וואו 238 טויזנט מענטשלעכע לעבנס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס

פלעגט אין משך פון עטלעכע מינוט דערשטיקט ווערן. ווי קינסטלעך די רוצחים האָבן פאַרשטעלט זייער מאָרד, ווי זיי האָבן עס אויסגעשטעלט די צימערלעך, אַז די קרבנות האָבן געקאָנט באמת קריגן דעם פאַלשן איינדרוק, אַז מען פירט זיי צו באָדן. די קראַנען, דורך וועלכע דער טויט־לעכער גאַז פלעגט אַריינקומען, האָבן אויסגעזען ווי שפּריצערס (שאָו־ערס). די מערדער האָבן געהאַט קליינע פענצטערלעך דורך וועלכע זיי האָבן געקאָנט אַריינקוקן אין דער מאָרד־פאַבריק און זען ווי זייערע קרבנות גייען אויס. דערביי זיינען זיי געווען אַזוי געמיין נאָך צוצוגעבן מוזיק, אַז דער פאַרברעכערישער מאָרד זאָל פאָרקומען אונטער מוזיק־באַגלייטונג. די מוזיק האָט געשפּילט און מען האָט דערמיט פאַרשטיקט די געשרייען און געוויינען פון די, וואָס האָבן זייערע נשמות אויסגע־הויכט אין די שווידערלעכסטע יסורים.

ווער פון אונז האָט עס געקאָנט דאָ אַרומגיין אויף דעם הייליקן פּלאַץ ?



דער ברודער־קבר אין דאַכוי

וועלכעס שטיקל ערד אויף דער וועלט איז נאָך הייליקער ווי דאָס שטיקל ערד, וואו מיין פאָלק איז פאַרברענט געוואָרן און אומגעקומען מיט נאָך מער ווי אַלע ארבע מיתות בית דין?

לייוויק, וועלכער האָט אין די צאַרישע צייטן, מיטגעמאַכט געגוג אין זיין סיבירער פאַרשיקונג, האָט געפּרובט אַריינקריכן אין די לעכער, בונקערס, וואו די קדושים האָבן זיך אויפגעהאַלטן. מיר זיינען דורכ־געגאַנגען דעם לאַנגן טונעל, וואו די אומגליקלעכע האָבן „געוואוינט״. אין די זייטן זיינען געשטאַנען בענק. אַ שווידערלעכער ריח האָט זיך נאָך געפילט פון דאָרט...

מיר זיינען קוים אַרויס. אַט־אַט און מיר וואָלטן אַלע צוזאַמענגע־בראָכן.

אין די זייטן געפינען זיך איצט באַראַקן, וואָס זיינען אַרומגעצוימט מיט עלעקטרישע דראָטן. דאָרט זיצט איצט דער אָפּפאַל פון דער מענטשהייט, די אַרעסטירטע נאַצישע ס.ס.־לייט. אָבער וואָס פאַר אַן אונטערשיד, ווי אַזוי מען באַהאַנדלט זיי און ווי אַזוי האָבן זיי באַ־האַנדלט זייערע קרבנות?

די זון האָט געברענט און זיי זיינען געלעגן אויסגעלייגט און זיך געבראָטן אונטער די זון־שטראַלן. זיי האָבן געפּלעגט זייערע טרייפענע גופים. אַנדערע האָבן געשפּילט אין פוטבאָל. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי עס פעלט זיי גאָרנישט, און דעריבער האָבן זיי געקאָנט קוקן פשוט מיט שפּאָט אויף אונז, וואָס זיינען געקומען אויף קבר־אָבות פון די קדושים, וועלכע זיי האָבן אומגעבראַכט.

## די אַנגעלאָפענע פון פוילן

נאָך פריער פלעגן מיר הערן וועגן די טראַנספּאָרטן פון יידן, וואָס קומען צו לויפן פון פוילן קיין דייטשלאַנד, ווייל זיי האָבן מורא אין פוילן פאַר זייער געראַטעוועט לעבן. אָבער געזען האָבן מיר דאָס נישט. איצט אָבער, צוריקקומענדיק אין מינכען, האָבן מיר דערזען ווי דער הויף פון צענטראַל־קאָמיטעט איז פול מיט מענטשן. אַ רגע האָבן מיר נישט

פאַרשטאַנען וואָס דאָס זאָל באַדייטן. עס זיינען אונז איינגעפאַלן פאַר־שידענע געדאַנקען, אָבער באַלד האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז עס האַנ־דעלט זיך וועגן אַ טראַנספּאָרט פון 150 יידן, וואָס שלעפּן זיך שוין איבער די וועגן אייניקע וואָכן פון פּוילן. די דאָזיקע מענטשן האָבן דאָ שוין געהאַט אַ באַשטימטן נאָמען „אינפילטריס" (אַריינדרינגער).

עס איז געווען אַ שוידערלעך בילד. מענטשן מיט פּעק און פּעקלעך, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, שמוציק, וואָכן לאַנג נישט געוואַשן. פרויען מיט קינדער אויף די הענט, שוואַנגערע פרויען, יונגע און עלטערע מענער, וואָס צוליב זייער הלבשה און זייער אויסזען איז שווער זיך פאַנאַנדערצו־קלייבן אין זייער עלטער. זיי האָבן גע'גנב'עט גרענעצן. זיי האָבן גע־געסן אין וועג וואָס עס איז זיי געקומען אונטער די הענט. זיי האָבן מער געפאַסט ווי געגעסן. דער מוח האָט גאָרנישט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי זיי האָבן דורכגעהאַלטן זייער וואַנדער־וועג. אָבער זיי האָבן אַלץ פאַר ליב גענומען אַבי צו האָבן די האָפענונג, אַז זיי וועלן בלייבן לעבן און אין פּוילן האָבן זיי מורא געהאַט צו בלייבן, ווייל אייניקע פון זיי האָבן, דורך קיילן פון פּוילישע אַנטיסעמיטן שוין נאָכן חורבן, פאַר־לאָרן זייערע נאָענטע קרובים, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט. זיי האָבן זיך געפילט צו שוואַך ווידערצושטיין דעם אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן נאָך דער מלחמה און זיי האָבן באַשלאָסן בעסער איינצושטעלן זייער לעבן און וואַנדערן אַבי זיך אַרויסכאַפּן פון פּוילן. יעדן טאָג האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען אַזעלכע קליינע גרופּעס מיט וואַנדערער. אַנדערע פון זיי זיינען נישט אַנטלאָפן צוליבן אַנטיסעמיטיזם, נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן געהערט עפּעס קלאַנגען, אַז דאָ אָדער דאָרט אין אַ קעמפּ געפינט זיך זייערס אַ געראַטעוועט קינד, אַ מאַמע, אַ קרוב, אַפילו אַ לאַנדסמאַן איז געווען אַן ענין. אפשר וועט מען דורך אים דערגיין וועלכע עס איז אינפאָרמאַציע וועגן דער איבערגעלאָזטער פאַמיליע. זיי האָבן זיך גע־לאָזט וואָכן־לאַנג וואַנדערן אויף אַ שטרויענע האָפענונג, ווייל דאָס זיינען מענטשן, וואָס קאָנען שוין אַלץ טאָן. די מלחמה־יאָרן אונטער די נאַציס האָבן פאַר זיי אַלץ מעגלעך געמאַכט. זיי זיינען געוואָרן אַ פּראָבלעם. אַ גאָר גרויס פּראָבלעם פאַרן צענטראַל־קאָמיטעט. וואָס זאָל מען מיט

זיי טאָן? מען מוז דאָך זיי ערגעץ־וואו איינקוואַרטירן, לאָזן אַרומוואַשן, אָנטאָן, געבן אַ שטיקל דאַך און טאַקע אויך שפּייז.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען זאָל זיי פונאַנדערשיקן אין געוויסע קעמפּס, אָבער דאָ האָבן זיך געוומען אָפּשפּילן טראַגי־קאָמישע סצענעס. מאַנכע האָבן פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט גיין דאָרט וואו מען האָט זיי באַשטימט. זיי האָבן געהאַט אַנדערע פּלענער. נאָכגעבן זיי וואָלט געהייסן אַריינברענגען אַן אַנאַרכיע. די וואַנדערער האָבן זיך אָבער מיט דער גאַנצער שאַרפקייט געשטעלט קעגן די באַשלוסן פון צענטראַל־קאָמיטעט. ביי דער גאַנצער טראַגישקייט האָט מען געמוזט לאַכן ווי אַ מאַן האָט זיך בשום אופן נישט געלאָזט שיידן פון זיין פרוי, אַ שוואַנגערע אין די הויכע חדשים, וועלכע מען האָט געמוזט אָפּשיקן אין אַ געהעריקן פּלאַץ, צוליב אירע ספּעציעלע אומשטענדן. ער האָט רק געוואָלט, אַז מען זאָל אים דאָרט אויך מיטנעמען און ער האָט געשריען מיט באַנומענע קולות:

— איך קאָן נישט לעבן אָן איר!

ענדלעך האָט מען איינגעשטעלט דעם טראַנספּאָרט און מיר האָבן זיך ווידער אַרויסגעלאָזט צו אונזער אַרבעט. דאָס מאָל זיינען מיר געפאָרן אין אַן אָפענער מאַשין און עס איז געשען דאָס סאַמע נאַרמאַלע: איך האָב זיך פאַרקילט, באַקומען לאַראַנדזשייטעס און געמוזט אַריינגיין אין אַ שפּיטאָל. די אַנדערע צוויי מיטגלידער פון דער קולטור־דעלעגאַציע האָבן דעריבער געמוזט אָנגיין מיט דער אַרבעט אָן מיר. די אָרגאַניזאַציע האָט וויטער זייער געהינקן. מען האָט נישט געמאָלדן אין די פּלעצער, וואו זיי זיינען צוגעפאָרן, וועגן זייער קומען, און אין איין פּלאַץ האָבן זיי אַליין דורך אַ לאָודספּיקער געמוזט אַנאָנסירן צום עולם וועגן זייער אָנקומען. אין קעמפּ פעלדאַפינג האָט מען גראָד דעם זעלבן אָוונט פון זייער קומען געהאַט אַראַנזשירט אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג מיט די אייגענע קרעפטן, און זייער אַרויסטריט האָט געמוזט אָפּגעלייגט ווערן.

נאַטירלעך זיינען זיי צוריקגעקומען זייער אַנטוישט. מיר זיינען אַוועק צום צענטראַל־קאָמיטעט און זיי דערציילט וואָס מיר ליידן זיך אָן.

עס האָט זיי זייער ווי געטאָן. זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן זען וואָס מען קאָן טאָן אום צו בעסערן די לאַגע, אָבער דערמיט האָט עס זיך פאָרלויפיק געענדיקט.

## אַ יאָרצייט לדור דורות

דערווייל האָט אונז דער צענטראַל־קאָמיטעט פאַרבעטן צו זיין געסט ביי זייער וועכנטלעכן מיטינג. דאָרט זיינען געווען רעפּרעזענטאַנטן פון אַלע קערפּערשאַפטן און אָגענטורן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט הילף אין אַלערליי פאָרמען פון דער שארית הפליטה. געווען דער פאָרשטייער פון „דזשאָינט", „יידישע אַגענץ", „יידישער וועלט־קאָנגרעס", „ועד הרבנים"", און אַנדערע. די וויכטיקסטע פראַגע אויף דער טאָג־אָרדנונג איז געווען ווען צו באַשטימען אַ יאָרצייט־טאָג, אַ דאַטע, וואָס זאָל פאַרבלייבן לדור דורות אַלס אָנדענק פון דער באַפרייאונג פון היטלער־רעזשים, און אין וואָס זאָל זיך דער טאָג אויסצייכנען; צי זאָל ער זיך אויסדריקן אין טרויער אָדער, פאַרקערט, אין פרייד? געווען מיינונגען, אַז מען האָט שוין גענוג געליטן און וויבאַלד דער רבונו של עולם האָט געהאָלפן און מען איז פּטור געוואָרן פון די נאַצים, דאַרף מען דעם יאָרצייט פייערן ווי אַ גרויסן יום־טוב. געווען אָבער אַנדערע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דאָס אומגליק איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער יאָרצייט־טאָג דאַרף זיך אויסדריקן דורכאויס אין טרויער, ווי אַן אָנדענק נאָך די קדושים וטהורים, וואָס זיינען אַזוי אומרחמנותדיק אומגעקומען. צום שלוס זיינען אַלע געקומען צום איינשטימיקן באַשלוס, אַז מען קאָן איצט, זייענדיק נאָך אַזוי נאָנט פון די געשעהענישן, נישט באַשטימען גענוי דעם כאַראַקטער פון יאָר־טאָג. דאָס לעבן וועט עס שוין טאָן. איצט איז נאָר וויכטיק צו באַשטימען איין טאָג אין יאָר ווען די יאָרצייט זאָל זיין גילטיק פאַר דער גאַנצער יידישער וועלט.

אַלס יאָרצייט איז באַשטימט געוואָרן דער טאָג פון י"ד אייר.

מען האָט וועגן דעם טעלעגראַפירט אין עטלעכע יידישע צענטערס, אויך אין אַמעריקע.

ע מ א   ש י י ו ו ע ר

# אין פערענוואַלד

אונזער נעקסטע רייזע איז געווען קיין פערענוואַלד, אַ גרויסער קעמפּ מיט בערך 5,000 יידישע פּליטים. דער דירעקטאָר פון „אונרא" דאָרט איז געווען אַ יידישער יונגערמאַן פון ברוקלין, הענרי קאָהן. איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, אַז ער איז אויפגעוואַקסן אין דער אַטמאָספערע פון „אַרבעטער־רינג", אין די בונדיסטישע קרייזן פון ניו יאָרק, אָבער קומענדיק קיין דייטשלאַנד און באַקענענדיק זיך אַלץ מער מיט די נויטן און שטרעבונגען פון דער שארית הפּליטה, האָט ער זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. ער האָט שטאַרק געליטן אַלס דירעקטאָר, ווייל ער האָט נישט געקאָנט טאָן וואָס ער האָט געוואָלט. נאָך מער, ער איז געשטערט געוואָרן אויף טריט און שריט.

אונזער באַזוך אין קעמפּ פערענוואַלד האָט ווידער נישט געקלאַפּט. דאָרט האָט מען אונז צוגעגרייט גאָר אַ פייערלעכן קבלת־פּנים, ווי געווײנלעך, ביים טויער. אָבער זיי זיינען געוואָרן שטאַרק אַנטוישט, ווייל צוליב דער שלעכטער קאָמוניקאַציע, זיינען מיר נישט געקומען אין צייט. זיי זיינען נעבעך אָפּגעשטאַנען 5 שעה ביים טויער, אויסגעפּוצט



אַ ספּאָרט־גרופּע איז שוין אַקטיוו צווישן די געראַטעוועטע אין דער שארית הפּליטה

די קינדערלעך אין די שענסטע מלבושים מיט פענער אין די הענט און אויסגעקוקט אויף אונז די אויגן, אָבער מיר זיינען נישט געווען. זייער אַנטוישונג איז פאַר זיי אויך פון פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפונקט, ווייל נישט וויסנדיק די ריכטיקע סיבה פון אונזער נישט קומען, הויבן זיי אָן טראַכטן, אַז מיר האָבן נישט קיין באַציאונג פון דרך־ארץ צו זיי און מיר גרינג־שעצן זיי, ווייל זיי זיינען נעבעך בלויז דיפּיניקעס.

עס איז אַ גרויסע עברה די דאָזיקע מענטשן צו אַנטוישן, ווייל זיי־ערע נערוון זיינען אַזוי אויך געננג צעבראָכן.

3,000 דיפּיניקעס זיינען געקומען צו אונזער אָוונט אין פערענ־וואַלד. ווידער האָבן מיר דערנאָך מיט זיי פאַרבראַכט און זיי האָבן אונז דערציילט וועגן זייערע איבערמענטשלעכע איבערלעבונגען. עס איז שווער צו הערן, ווייל זיי ריידן אַזוי ניכטער, אַזוי טרוקן, אַז איר זענט תמיד פאַר דער מאָדנער לאַגע צי זאָלט איר זיי אויך אַזוי רואיק אויס־הערן, אָדער איר זאָלט זיי אַרויסווייזן די געפילן פון צער, וואָס באַנעמען אייך. אָבער איר האָט מורא, אַז איר וועט זיי דערמיט מער באַווירקן ווי זיי אייך.

צומאָרגנס האָבן מיר געמאַכט אַ טור איבערן קעמפּ. מיר האָבן דאָ שולן; געוויינלעכע לערן־שולן און פאַך־שולן. דאָ איז אויך איינע פון די גרעסטע ישיבות ביי די דיפּיניקעס. דער קעמפּ איז בכלל אַ געמיש פון אַלט און יונג. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז דאָ האָבן זיך קאָנצענטרירט אַ סך פרומע יידן און זיי האָבן זייערע קינדער איזאָלירט פון די אַנדערע נישט־פרומע קינדער כדי זיי זאָלן זיך נישט אָנשטעקן מיט אַפּיקורסות. איך האָב דאָרט געזען רבנים, וועלכע האָבן פון אַ זייט געקוקט אויף אונז. אין קיין אָרט האָב איך נישט געזען אַזאַ אויס־געצייכנטן גייסט ביי די אָנפירער פון קעמפּ ווי דאָרט, באַזונדערס זייער איבערגעגעבנהייט צו דעם נייעם אויפוואַקסנדן דור, צו די קינדער. און ווען מען נעמט אין באַטראַכט ווי קליין עס איז די צאָל, די פּראָפּאָרציאָ־נעלע צאָל, פון די געראַטעוועטע יידישע קינדער פון די היטלער־מחבלים, פאַרדינען די אויפזעער דעם טיפסטן דאַנק. די קינדער זיינען ווירקלעך אונזער גרעסטער אוצר, און ער דאַרף טייער און הייליק אָפּגעהיט ווערן.

נישט ווייט פון קעמפּ איז אַ קיבוץ אין וואַלד. די לאַנדשאַפט איז אַ וואונדערבאַרע. עס געפינען זיך דאָרט 300 יונגע יידן. ווען מיר זיינען געקומען מיט אונזער באַזוך, האָבן מיר גראָד אָנגעטראָפן זייערן אַ קאָנצערט. זיי האָבן געהאַט זייער אַ פיין פּראָגראַם, זיי האָבן פון אונז געמאָנט רייד און געזאַנג. מיר האָבן אַ שעה צייט אימ־פּראָוויזירט אַן אונטערנעמונג. פאַרשטייט זיך, אַז קיין פּיאַנאָ־באַגלייטער איז נישט געווען. כ׳האָב געזונגען און זיך אַליין באַגלייט. כ׳האָב מיר פּאַר מיין פּאַרטנער אין טאַנץ אויסגעקליבן דעם עלטסטן ייד, וואָס איז דאָרט געקומען זען אונזער באַזוך. לייוויק האָט זיך אַלס פּאַרטנער אויס־געקליבן אַ קליין קינד. עס איז געווען אַ שיין בילד: יונג און אַלט צו־זאַמען. טאַקע ווי עס זאָגט זיך אין ליד „הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד״, און ווער רעדט נאָך, אַז דאָס איז אויסגעדריקט אין טאַנץ!

## שיר אַן אומגליק

אין אַזאַ גוטער שטימונג האָבן מיר גענומען צוריקפאָרן, אָבער אויפן וועג האָבן מיר געהאַט אַ פּאָרפאַל, וואָס האָט אונז אַרויסגעשלאָגן פון אונזער געמיט. אונזער שאָפער האָט אויפן וועג איבערגעפאָרן אַ דייטש קינד. דער ערשטער געפיל איז געווען, אַז ער האָט דאָס קינד דער׳הרג׳עט. איך האָב אַרויסגעלאָזן אַ שרעקלעכן קוויטש, כ׳בין גע־וואָרן כמעט היסטעריש. אָבער די רעאַקציע פון שאָפער איז געווען גאָר אַן אַנדערע, זייער אַ קילע. ער איז נישט געוואָרן צו שטאַרק גערירט.

סיבה?, גאָר אַ פּשוטע. ער האָט דורך די דייטשן פאַרלאָרן אַלע זיינע קינדער, און נישט דורך אַ קאַטאַסטראָפע, נאָר באַוואוסטזיניק, מיט אוממענטשלעכע רשעות. טאָ ווי קאָן ער אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג, אין צער?

צום גליק איז דאָס קינד נאָר לייכט פאַרוואונדעט געוואָרן.

צוריקגעקומען אין קעמפּ, האָבן מיר דאָרט אָנגעטראָפן אויף אַ קאָנפערענץ פון די פּאַרטיזאַנען, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אַלס קער־

פערשאַפט, אַלס אָרגאַניזאַציע. מיר זיינען פאַרבעטן געוואָרן צו דער קאָנפערענץ. כ׳האָב דאָרט געזונגען דאָס פּאַרטיזאַנען־ליד. זיי האָבן עס אויפגענומען ווי אַ הימן. עס איז דאָך זייער הימן. ווי זינגט זיך עס? „ס׳איז נישט אַ ליד פון אַ פויגל אויף דער פריי . . . דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט״. אָ, יאָ!, פאַר זיי זיינען דאָס נישט סתם ווער־טער, נאָר שטיקער בלוט.

איך האָב דאָרט געטראָפן טייערע חברים פון ארץ ישראל שרה, ליאָווא, צביה און עמרם. זיי אַרבעטן אין יענעם ראַיאָן. אַביסל שפּע־טער וועט אונז אויסקומען צו ריידן וועגן זיי אויספירלעכער. אָבער איך קאָן זיך נישט איינהאַלטן און נישט אַרויסזאָגן, אַז איך צווייפל צי וועלכעס אַנדערע פאָלק האָט אַזאַ טייערן מענטשן־מאַטעריאַל, אַזעלכע אידעלע, איבערגעגעבענע ערלעכע פאָלקס־פּאַטריאָטן.

מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין קעמפּ פריימאַן. אונזער דעלעגאַציע איז קלענער, ווייל ד״ר אפרת איז קראַנק. דאָ האָבן מיר געהאַט דעם פולן געניוס פון אַ צוגעגרייטן קבלת פּנים, ווייל מיר זיינען געקומען אין צייט. אויפן פרייען פעלד איז אימפּראָוויזירט געוואָרן אַ בינע. דער דירעקטאָר פון קעמפּ, מר. וואַכטעל פון ברוקלין, ניו יאָרק, האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל זינגען אויפן אָפענעם פעלד, ווייל ביינאַכט אין זאַל וועלן נישט אַלע קענען אַריינגיין. מ׳האָט געבראַכט אויף אַ טראָק אַ פּיאַנאָ. מיין אַקאָמפּאַניאַטאָר איז אַרויפגעקראָכן אויפן טראָק און פון דאָרט מיך באַגלייט. אַרום דער אימפּראָוויזירטער בינע שטייען אַרום און אַרום קינדערלעך. זיי זיינען באַגייסטערט און אַלס אויסדרוק פון זייער באַ־גייסטערונג באַוואַרפן זיי מיך מיט דעם בעסטן, וואָס זיי האָבן, מיט בלומען, וואָס זיי האָבן נאָר וואָס אָפּגעריסן פון פעלד. איך פיל זיך גליקלעך, וואָס ווידער קאָנען יידישע קינדער זיין פריי, הערן אַ יידיש וואָרט און זיך פרייען מיט בלומען. זאָלן זיי וואַקסן אַזוי פריי ווי די בלומען אין פעלד, אָבער זאָל מער קיין פרעכע האַנט זיי נישט קאָנען אויסרייסן! אין אָוונט איז פאָרגעקומען דער קאָנצערט, וואָס האָט זיך זייער איינגעגעבן. געמיינט האָבן מיר, אַז ענדלעך וועט די אָרגאַניזירונג פון אונזערע אויפטריטן שוין געמען קלאַפּן, אָבער מיר האָבן ווידער גע־

האַט אַ טעות. ווידער איז געוואָרן שלעכט. מיר האָבן געהאַט גרויס עגמת נפש. ווידער האָבן מיר געהאַט לאַנגע דיסקוסיעס מיטן צענטראַל־קאָמיטעט. ער איז הילפסלאָז. באין ברירה מוזן מיר זיך צוריקציען פון איניקע קעמפּס, וואו מיר האָבן געוואָלט אויפטרעטן.

## אין היטלערס היים

מיר פאָרן צום קעמפּ איינרינג. די רייזע קומט פאָר אין אַן אַמבו־לאַנס. דאָס איז די איינציקע קאָמוניקאַציע, וואָס מיר קאָנען קריגן. עס איז שוין באַלד ביי דער עסטרייכישער גרענעץ. דאָ איז געווען היטלערס לופט־פאָרט. עס איז נישט ווייט פון טרייפענעם בערכטעס־גאַדען. מיר זיינען טאַקע געשלאָפן אין צימער וואו דער צורר היטלער האָט געהאַט זיין סטעף. דער פּערמאַנענטער קעמפּ איז אין דעם בנין, וואו עס זיינען געווען די אָפיסעס פון היטלערס קאָמעריליע און די וואוין־ערטער פאַר אים און זיינע באַאַמטע. עס איז אַ פּרעכטיקער בנין. די צימערן זיינען דעקאָרירט מיט בילדער, וואָס שטעלן פאָר בייערישע פאָלקס־מעשיות, דער עלעמענט פון די דיפּיניקעס איז דאָ אַן איינפאַכער. זיי האָבן אונז וואונדערבאַר אויפגענומען.

עס איז געקומען די דאַטע פון י״ד אייר, ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער יאָרצייט פון דער באַפרייאונג. אין מינכען איז באַשטימט געוואָרן אַ גרויסע פייערונג. מיר זיינען געוואָרן פאַרבעטן, אויך רע־גירונגס־פאַרשטייער. 5 אַ זייגער האָט זיך אָנגעהויבן די אונטערנעמונג. זי איז פאָרגעקומען אין זאַל פון אוניווערזיטעט. דער זאַל איז געווען געפּאַקט. אויף דער בינע שטייט אַ יזכור־טאַבלעט און אַרום אים אַ וואַך פון יונגעלייט. די ערעפנונג איז פאָרגעקומען אין דער פאָרם פון אַ דעקלאַראַציע, וואָס עס האָט אָפּגעגעבן אין יידיש און ענגליש ד״ר גרינבערג. דערנאָך האָט מען געשפּילט די „התקוה״, און היות ווי עס איז געווען פאַרטראָטן די אַמעריקאַנער מיליטערישע מאַכט, האָט אויך דער „בלוי־ווייס אָרקעסטער״ געשפּילט דעם „סטאר ספּענגעלד באנער״. אַ חזן האָט געמאַכט אַן אל מלא רחמים און אין זאַל איז געוואָרן אַ

באַוועגונג. ווידער האָט זיך געעפנט דער קוואַל טרערן פון די, וואָס באַקלאָגן אַזוי זייערע טייערע און נאָענטע. דער שעף־ראַבינער פון בייערן האָט גערעדט אין יידיש. ד״ר האָפמאַן, דער פאָרשטייער פון דער „יידישער אַגענץ אין ירושלים, האָט גערעדט אין העברעאיש. אַ קוירנעל פון דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־אַרמיי האָט גערעדט, נאַטירלעך, אין ענגליש. דערנאָך האָבן גערעדט אין יידיש דער פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט מר. טרעגער, לעאָ שוואַרץ פון „דזשאָינט״ האָט גערעדט אַ פּאָר ווערטער אין העברעאיש, דערנאָך אין ענגליש. די רירענדסטע רעדנער זיינען געוועזן ד״ר בלומאָוויטש אין נאָמען פון דער פּאַרטיזאַנען־גרופּע, אַ פאָרשטייער פון מינכענער קאָמיטעט און מר. אייזמאַן אין נאָמען פון 23 לעבן־געבליבענע פון טרעבלינקער גיהנום. אַלע האָבן גערעדט אין יידיש. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט „אלי, אלי״, לייוויק און ד״ר אפרת האָבן גערעדט און איך האָב פּאַרענדיקט די איינדרוקספולע יאָרצייט־אַקאַדעמיע מיט דריי לידער, יהודה הלוי׳ס „ים־ליד״, אַן ארץ־ישראל ליד און „כל נדרי״.

## איך גיב אויף אַ קאָנצערט־טור איבער אייראָפּע

נאָך דער דאָזיקער פּייערונג איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן פון באַזוכן נאָך אַנדערע קעמפּס, אָבער מיינע קאָלעגן האָבן גענומען ריידן וועגן אַהיימפאָרן. מיר האָבן שוין געהאַט באַזוכט 18 פּונקטן, האָבן זיך מער־ווייניק שוין באַקענט מיטן גאַנצן מצב פון די דיפּיניקעס. אפשר זיינען נאָך, אין די נישט־באַזוכטע קעמפּס, פאַרבליבן אייניקע ניואַנסן, אָבער קיין אויסערגעוויינלעכעס האָט מען שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן. איך האָב געהאַלטן אַז איך בין נאָך נישט פאַרטיק מיט מיין אויפגאַבע. איך האָב געגלויבט, אַז וואו עס איז נאָר פאַראַן אַ יידישער קיבוץ, דאַרף איך קומען צו אים און אים ברענגען דאָס יידיש־העברעאישע וואָרט, און אויב מיר האָבן טאַקע שוין באַזוכט טויזנטער יידן, זיינען נאָך אָבער אַלץ געבליבן אַ סך מער טויזנטער וועלכע מיר האָבן נאָך נישט באַזוכט.

איך האָב אָפן דערקלערט קאָלעגע לייוויק, אַז אויב זיי וועלן אַוועק־פאָרן, וועל איך זוכן מיטלען צו בלייבן מיט די דיפּיניקעס.

מיין שטימונג וועגן דעם איז אַמבעסטן קענטיק אין אַ בריוו, וואָס איך האָב דעמאָלט געשריבן צו מיין מאַן:

„איך בין דיר האַרציק דאַנקבאַר פאַר דער געלעגנהייט דאָ צו זיין, לעבן מיט אונזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער און טיילן מיט זיי כאָטש אַ ביסל זייער צער און צרות. עס איז שוין אַ יאָר נאָך זייער באַפרייאונג, אָבער זיי זיינען נאָך ווייט נישט באַפרייט. פיזיש האָבן שוין אַ טייל פון זיי זייער באַפרידיגונג. זיי האָבן שוין צו ביסלעך עסן און קליידונג, אָבער זייער גייסט איז נאָך גענוג הונגעריק. זיי דאַרפן רו אין זייערע געדאַנקען, רו אין זייערע געפילן, רו אין זייער גייסט“.

איך בין געווען אַזוי אַנטשלאָסן צו בלייבן מיט די דיפּיניקעס, אַז איך האָב נישט בלויז געשטעלט אין סכנה מיין גוטע פריינטשאַפט מיט די אַנדערע צוויי מיטגלידער פון דער קולטור־דעלעגאַציע, נאָר איך האָב אויפגעגעבן אַ וואונדערבאַרע געלעגנהייט פון אַ קאָנצערט־טור.

עס איז אַזוי געווען: איידער איך האָב פאַרלאָזט אַמעריקע, האָב איך געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אַן אויסגעצייכנטן יידישן דיריגענט דזשאָרדזש סעבאַסטיאַן, וועלכער שטאַמט אַליין פון אונגאַרן, און איז גוט באַקאַנט אין דער אייראָפּעאישער קאָנצערט־וועלט. ער און מיין מאַן, משה שייוועד, האָבן געהאַט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצן פּלאַן פון מיי־נעם אַ קאָנצערט־טור איבער די גרעסערע שטעט פון אייראָפּע, ווי פּאַ־ריז, בריסל, אַמסטערדאַם און לאָנדאָן, וואו איך האָב געזאָלט אַרויס־טרעטן אַלס סאָליסטין מיט סימפאָניע אָרקעסטערס. סעבאַסטיאַן איז אָפּגעפאָרן קיין אייראָפּע און מיר האָבן זיך געזאָלט דאָרט באַגעגנען און צוטרעטן דורכצופירן דעם טורנעע.

אָבער זינגענדיק פאַר מיינע געראַטעוועטע ברידער און שוועסטער אין די קעמפּס, בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז איך טו מער אויף מיט מיינע יידיש־העברעאישע קאָנצערטן אין די קעמפּס ווי מיט די קלאַ־סישע קאָנצערטן אויף די וועלט־בינעס. איך האָב, דעם אמת געזאָגט, אפילו געפילט, אַז איך באַפרידיק מיין מענטשלעכן עגאָאיזם מער דורך

די שטילע קאָנצערטן, אויף אָפענע פעלדער, אין געשטיקטע זאַלן, אויף אימפּראָוויזירטע בינעס, ביי שלעכטע גרילצענדע פּיאַנאָס, ווי אויף די ריינע בינעס פון די זויבערע טעאַטערס און קאָנצערט־זאַלן ביי דעם אַקאָמפּאַנימענט פון די פיין־קלינגענדיקע סימפאָנישע אָר־קעסטערס. און אין בריוו און אין טעלעגראַמעס צו מיין מאַן, וועלכער האָט מיך אָנגעפרעגט ווי עס האַלט מיט מיין קאָנצערט־טורנעע איבער די קאָנצערט־זאַלן פון מערב־אייראָפּע, האָב איך געהאַלטן אין איין ענטפערן „איך האָב זיך אונטערגענומען אַ דזשאָב און וויל אים ענדיקן".

איך האָב געפילט, אַז איך וועל זיין אומבאַפרידיקט מיין גאַנץ לעבן אויב איך וועל איצט אַוועקפאָרן פון די קעמפּס און דורכלאָזן די נאָך נישט־באַזוכטע פּלעצער.

די קאָמוניקאַציע איז דערווייל געוואָרן נאָך ערגער. מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום אויטאָס אויסער דזשיפּס, אָפענע, און גראָד האָט מען איצט געדאַרפט פאָרן אויף ווייטערע שטרעקעס, און האָבנדיק שוין איינמאָל אַ דערפאַרונג, אַז אויף אַן אָפענעם דזשיפּ פאַרקיל איך זיך, האָב איך זיך געמוזט אָפּזאָגן מיטצופאָרן צו אייניקע פּונקטן. דערצו איז אין די דזשיפּס נישט געווען, פאַר קיין פאַל, מער פּלאַץ ווי פאַר 4 מענטשן, און איך האָב נישט געקאָנט מיטנעמען מיין אַקאָמפּאַניאַטאָר. זיינען מיינע קאָלעגן דעריבער אייניקע מאָל געפאָרן אָן מיר.

אונזער לעצטער געמיינזאַמער אַרויסטריט איז געווען באַשטימט אין מינכען. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אָרגאַניזירט אַן אימפּאָזאַנטן אָפּשיד־אָוונט מיט אַ באַנקעט. צווישן די רעדעס, וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן אויפן באַנקעט, האָט שאַליטאָן דערמאָנט, אַז איך מאַך אָנ־שטרענגונגען צו בלייבן ווייטער זינגען אין די קעמפּס, דעריבער האַלט ער, אַז פּאַקטיש איז דער אָפּשיד נאָר פאַר צוויי מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע.

## „אונרא" רייסט איבער אונזער אַרבעט

איך האָב געפילט, אַז די אַנדערע צוויי מיטגלידער זיינען נישט צו באַגייסטערט וואָס איך פאָר נישט צוריק מיט זיי, אָבער איך האָב זיי

אויפגעקלערט מיינע מאָטיוון, און זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן זייער ווידערווילן. מיר האָבן געטראַכט פון מינכען צו פאָרן אין דער פראַנקפורטער געגנט, דערנאָך פּרובן זיך אַריינכאַפּן אין בעלזען־בערגען, אין דער ענגלישער זאָנע. אָבער דאָ איז דערוויל געשען אַ זאַך, וואָס האָט אַלץ געענדערט. עס איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון דער „אונרא״, אַז דער טערמין פון אונזער דעלעגאַציע איז אויסגעגאַנגען, און זיי וועלן בשום אופן נישט פאַרלענגערן אונזער אויפהאַלט. פּשוט, מיר מוזן פאַרלאָזן דייטשלאַנד. די זאַך איז אַזוי געווען: אונזער מיליטערישער פּערמיט (דערלויבניש) איז געווען אויף 6 חדשים. די דערלויבניש פון „אונרא״ איז געווען נאָר אויף 2 חדשים, פון 19־טן מערץ ביזן 19 מאַי. אַ חודש האָבן מיר פאַרלאָרן ביז מיר האָבן אָנגעהויבן אונזער אַרבעט, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט ווער עס זאָל אונז רעפּרעזענטירן און ווי געהעריק איינאָרדנען אונזערע אויפטריטן. „אונרא״ האָט פון ערגעץ־וואו געקראָגן אַ וואונק וועגן אונז, אַז אונזער אַרבעט איז נישט צופיל געוואונטשן און זיי האָבן באַשלאָסן צו האַלטן זיך שטרענג ביים געזעץ: דער טערמין ענדיקט זיך, גענוג, קיין פאַרלענגערונג.

אָבער זייער באַשלוס האָט ביי אונז געקלונגען ווי אַ גזרה, און איצט איז שוין פאַר מיר געווען נישט אַזוי באַקוועם צו בלייבן נאָך דעם ווי מען צווינגט אונז צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד. איצט האָט זיך שוין געפאָדערט דיסציפּלין, צו האַנדלען געמיינזאַם, סאָלידאַריש און אַביסל פּראָטעסט־מעסיק.

איך האָב זיך שטאַרק געשלאָגן מיט דער דעה וואָס צו טאָן, און איך האָב באַשלאָסן, אַז איך וועל פאָרט זיך נישט אונטערגעבן. קודם האָב איך טעלעגראַפירט צו מיין מאַן, אַז ער זאָל ליקווידירן דעם גאַנצן ענין פון די סעבאַסטיאַן־קאָנצערטן, ווי מיר האָבן גערופן מיין קאָנצערט־טור איבער די קאָנצערט־הייזער פון מערב־אייראָפּע.

די וועלט קאָן אויסקומען מיט איין אָפּערע־זינגערין ווייניקער — האָב איך ביי מיר באַשלאָסן, אָבער מיינע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער אין די קעמפּס דאַרפן מיך יאָ האָבן, און איך האָב זיך אָנטגילטיק אַנטשלאָסן צו בלייבן אין די קעמפּס, אָבער כדי אָנצו־

האַלטן די סאָלידאַריטעט מיט מיינע קאָלעגן, האָב איך באַשלאָסן „אָפיציעל" אַרויסצופאָרן צוזאַמען מיט זיי פון דייטשלאַנד, דערנאָך „צוריקקומען" אָדער אין דער זעלבער זאָנע אָדער אַריינפאָרן אין דער ענגלישער זאָנע, און אויב נישט מעגלעך אין דייטשלאַנד בכלל, זאָל איך פאָרן קיין עסטרייך, טשעכיע, איטאַליע, און פון דאָרט אפשר קיין ארץ־ישראל.

איך האָב דערציילט לייוויקן פון מיין פּלאַן. געדענקענדיק גוט וואָס פאַראַ שוועריקייטן מיר האָבן געהאַט אין די קעמפּס און נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז איצט, אויב איך בלייב אַליין, וועל איך נאָך מער ליידן, האָט מיר לייוויק ביי זיין געזעגענען זיך מיט מיר, אַלס „לעצט־געלט" געזאָגט: „עמאַ, זיי אַ מאַן!"

עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז אין די עטלעכע וואָכן, וואָס מיר, די דריי מיטגלידער פון דער קולטור־דעלעגאַציע, זיינען געווען צוזאַמען, זאָל צווישן אונז איינגעשטעלט ווערן אַ געוויסע חברשאַפט, וואָס איז געקומען צו איר העכסטן אויסדרוק אין דעם מאָמענט ווען מיר האָבן זיך געדאַרפט שיידן. ווי דורך אַ קאַלאַדייסקאָפּ זיינען פאַר מיינע אויגן פאַרבייגעלאָפן די אַלע סצענעס און בילדער, וואָס מיר האָבן געמיינזאַם איבערגעלעבט אין די קעמפּס מיט דער שארית הפליטה. איך האָב געפילט, אַז דאָס שיידן זיך אונזערס וועט אויף אַ שטיקל צייט, זיכער, לאָזן אַ בלויז אין אונזער לעבן. עס איז דע־ריבער געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז אונזער געזעגענען זיך אויף דעם וואָקזאַל אין מינכען זאָל, יעדנפאַלס אויף מיר (און איך האָב געפילט, אַז דאָס זעלבע איז געווען מיט די צוויי אַוועקפאָרנדע קאָלעגן) מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק. דאָך איז קיין אַנדערע ברירה נישט געווען. לייוויק און אפרת זיינען פון מינכען געפאָרן דירעקט קיין פאַריז. איך, האָבנ־דיק אַ טשעכישע וויזע, בין אַרויסגעפאָרן צו דער טשעכישער גרענעץ. פאַר די דיפּיניקעס האָט עס געהייסן, אַז איך בין אַרויסגעפאָרן פון דייטשלאַנד, אָבער דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס האָב איך קלאָר טעלע־גראַפירט: „קולטור־קאָמיסיע פאַרלאָזט דייטשלאַנד. לייוויק און אפרת

פאָרן קיין פּאַריז. שייוועד וועט פאָרזעצן איר מיסיע אין שכנות'דיקע פּלעצער״.

## איך קום צוריק דורך דער „יידישער אַגענטור״

בלייבנדיק ביי דער טשעכישער גרענעץ, האָב איך אָנגעהויבן צו אַרבעטן מיט דער „יידישער אַגענטור״ אין ארץ־ישראל, אַז זי זאָל מיך איבערנעמען אין איר רשות. די מיטגלידער פון דער „יידישער אַגענטור״ האָבן מיין פאָרשלאָג גערן אָנגענומען. זיי האָבן געטאָן אַלץ מעגלעך, אַז איך זאָל וויטער קאָנען בלייבן אין דייטש־לאַנד. אויך לעווי בעקער, דער פאָרשטייער פון „דזשאָינט״, האָט פיל געהאָלפן אין דעם. דערווייל איז אויך צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל סילוויא נוילענדער, וועלכע האָט געזאָלט זיין אונזער פאָרשטייערין, ווי די לייענער געדענקען אפשר, נאָר האָט זיך אויף אונז נישט געקאָנט דערוואַרטן און איז אָפּגעפאָרן מיט די קינדער קיין ארץ־ישראל. אויך זי האָט שטאַרק צוגעהאָלפן, אַז איך זאָל קריגן אַן אָפּי־ציעלע דערלויבעניש פאָרצוזעצן מיין אַרבעט אין די דייטשישע קעמפּס.

אָבער ביז די דערלויבעניש איז אָנגעקומען האָט דערווייל גענומען אַביסל צייט, און איך האָב באַשלאָסן אויסצונוצן מיין פרייע צייט פאַר געוויסע ענינים. אַזוי האָב איך געמאַכט אַ באַזוך אין בערכטעסגאַדען. די פענצטער פון דעם צימער, וואו איך בין איינגעשטאַנען, זיינען אַרויסגעגאַנגען קעגנאיבער דעם באַרג, דער אַזוי־גערופענער „אָדלער־נעסט״ אויף וועלכן דער וועלט־צורר האָט געוואוינט. איך בין אַרויפ־געגאַנגען אויבן. אויסער היטלערס וואוינונג און די וואוינונגען פון זיינע מיטבאַנדיטן, ווי געבעלס און גערינג, איז אַלץ געבליבן גאַנץ. כ'האָב געזען די חורבות פון די באַנדיטישע נעסטן. וואָס פאַראַ גרע־סער פאַרגעניגן האָט געקאָנט זיין ווי טרעטן אויף די חורבות צוזאַמען מיט יידן, וועלכע זיינען געווען די קרבנות פון אָט די רוצחים, און זיי, די קרבנות, לעבן, בעת זייערע נוגשים האָבן פאַרענדיקט זייערע לעבנס ווי פאַרברעכער און זיינען אַריין אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט ווי מערדער און אויסוואורפן ?!

דאָס „אָדלער־נעסט" איז אויסגערויבט ווי די יידישע היימען אין פוילן.

אָט דאָס „אָדלער־נעסט" איז די בעסטע מצבה אויפן היטלעריזם. עס דערמאָנט ווי די מעשה אין חומש מיטן טורעם פון בבל. די נאַציס האָבן געמיינט, אַז אָט דאָ אין אַזאַ הייך, טיף אין די בערג, וועלן זיי זיך קאָנען אויסבאַהאַלטן קעגן גאָטס צאָרן, אָבער ווען עס איז גע־קומען דער טאָג, האָט מען זיי דאָ אויך געפּאַקט. נישטאָ קיין אָרט וואו שלעכטס קאָן זיך אויסבאַהאַלטן. דער טאָג מוז קומען!

## אַ טאָג מיט די דיפּיניקעס

דאָן בין איך געפאָרן קיין גאַרמיש, וואו איך בין געווען דער גאַסט פון פּרעזידענט פון דער קהילה. דאָרט איז קיין לאַגער נישטאָ, נאָר די פּליכטלינגע וואוינען אין הייזער. דער פּרעזידענט וואוינט אין אַ הויז, וואָס האָט פריער באַלאַנגט צו דער שוועסטער פון עוואַ בראַון, היטלערס געליבטע. איך האָב דאָרט געקראָגן אַ צימער. דער פּרעזידענט אַליין שטאַמט פון וואַרשע. ער האָט דורכגעמאַכט אַ סך קאָנצענטראַציע־לאַגערן. ער שפּילט דאָ אַ וויכטיקע ראָלע. מען קומט צו אים וועגן עצות וואו צו וואוינען, ווי אַזוי צו קריגן די פּאַר־ציעס (ראַציעס) עסן, וואָס זיינען באַשטימט פאַר די דיפּיניקעס. ער האָט געענוג צרות מיט דער „אונראַ" און מיט די מיליטערישע אינ־סטאַנצן אין די אינטערעסן פון די דיפּיניקעס און ער דאַרף געשיקט לאַווירן.

וואָס טוען, אַ שטייגער, די דיפּיניקעס אין דעם פּלאַץ?

דער ענטפער איז, אַז זיי טוען גאָרנישט. מען זיצט אין דער זון און מען וואַרעמט די ביינער, וואָס זיינען אויסגעמאַטערט געוואָרן דורך די דייטשישע נוגשים און מען רוט נאָך די עטלעכע שווערע יאָר שווערע אַרבעט. מען רעדט גאַנצע טעג וועגן דער פאַרגאַנגענהייט. איינער דערציילט דעם אַנדערן זיין לעבנסגעשיכטע, מען טיילט זיך מיט די צרות און אומגליקן, וואָס מען איז דורכגעגאַנגען אין די

עטלעכע שוידערלעכע יאָרן. ווער נאָך ווי זיי קאָנען פאַרשטיין אָט דאָס לעבן? אין דער אָדער אַ צווייטער פאָרעם איז עס דאָך פּאַקטיש דאָס זעלבע „ליד”.

דער פרעזידענט האָט נישט לאַנג חתונה געהאַט און זיין פרוי האָט אים געבוירן אַ קינד. דאָס איז דאָ דאָס ערשט־געבוירענע יידישע קינד נאָך דער באַפרייאונג. די צוגרייטונגען צו דער שמחה זיינען זייער גרויס. עס קאָן אפשר שאָקירן אויפן ערשטן איינדרוק ווי אַזוי מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין אַזאַ סיטואַציע, קאָנען זיך אַזוי טומלען און מיט אַזאַ טאַראַראַם זיך צוגרייטן צו דער שמחה, אָבער טראַכט מען זיך נאָר אַביסל אַריין אין זייער פסיכאָלאָגיע, פאַרשטייט מען עס. יעדע געלעגנהייט ווי זיי האָבן אַ מעגלעכקייט צו וויזן, אַז זיי זיינען אויך מענטשן, גלייכע מענטשן מיט אַלעמען, ווערט אויסגענוצט. און ווי מענטשן, וואָס זיינען געוואָלדיק הונגעריק און האָבן שוין לאַנג נישט געזען קיין שטיקל ברויט, אָבער ענדלעך שטעלט מען אַוועק פאַר זיי גאַנצע לאַבענס ברויט, פונקט מיט אַזאַ זשעדנעקייט כאַפּן זיך אָט די מענטשן אויף אַן איבערגעטריבענעם אופן צו צום ביסל פרייד.

## ענין פון קרובים

נאַטירלעך האָט מען אויסגענוצט דעם פאַקט, וואָס איך קום פון אַמעריקע און גענומען אויסרעכענען וועלכע קרובים מען האָט אין אַמעריקע און די האָפענונגען וועלכע מען לייגט אויף זיי. קיינער וויל דאָ נישט בלייבן, קיינער וויל זיך אויך נישט צוריקקערן אין די ערטער פון וועלכע מען שטאַמט. יעדער וויל ווייטער לעבן, אָבער וויל אָנהייבן אַ נייע לעבן, אין אַ ניי לאַנד, אין אַ נייער וועלט, און די נייע וועלט זיינען אָדער ארץ־ישראל אָדער אַמעריקע. שטרענגט מען אָן דעם זכרון זיך צו דערמאָנען וואו מען האָט ערגעץ איבערגעלאָזט אין ארץ־ישראל אָדער אין אַמעריקע אַ קרוב, מעג ער זיין דער ווייטסטער, כדי אפשר דורך אים אַרויסקריגן זיך אין די גאָט־געבענטשטע לענדער. דער גרעסטער טייל פון די דיפּיניקעס האָט

גאָרנישט מיט זיך פון די פאַמיליע־אַלבאָמען אָדער בריוו, וואָס פלעגן געזאַמלט ווערן אין דער אַלטער היים און זיינען געווען די פאַרבינ־דונגס־שנור צווישן יידישע פאַמיליעס איבער דער גאַנצער וועלט. גע־דענקען זיי נישט קיין אַדרעסן פון אויסוויי‌ניק, געדענקען זיי טיילמאָל אַפילו נישט די נעמען אָדער די פאַמיליע־נעמען פון זייערע קרובים, וואָס זיינען אָפּט געשניטן געוואָרן אין אַמעריקע אָדער העברעאיזירט געוואָרן אין ארץ־ישראל. פאַראַן אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן פריער איבערגעריסן יעדע פאַרבינדונג און קאָנטאַקט מיט זייערע אויסגע־וואַנדערטע קרובים אין די אַמעריקעס אָדער אין ארץ־ישראל. מאַנכע האָבן, צוליב דער אָדער יענער סיבה, אָנגעהאַלטן אַ לעבן־לאַנג ברוגז׳ן. איצט וויל מען, מוז מען, אין אַלץ פאַרגעסן, און מען וויל זיך אָנלענען, שטיצן אויף אָט די קרובים ווע‌מענס נעמען און וואוין־ערטער מען געדענקט בכלל נישט אָדער ווי אין אַ חלום. איז עס טראַגי־קאָמיש צו הערן די סימנים און אַדרעסן, וועלכע מען גיט אָן. עס איז ווי די שטרוי אָן וועלכער עס כאַפּט זיך אָן איינער, וואָס טרינקט זיך.

יעדן מוצאי־שבת קומט מען זיך צוזאַמען אין צענטער. מען זינגט, אַן אָרקעסטער, דווקא פון דייטשן, שפילט. די יוגנט טאַנצט. מען האָט אַפילו באַקומען אַ דערלויבעניש צו קריגן ערזאַץ־ביר. ביים טאַנצן קאָן מען זען די בענקשאַפט זיך אויסצולעבן און אָפּצוצאָלן דעם גאַנצן פאַרלוירענעם תענוג פאַר די פאַרגאַנגענע יאָרן. פון יעדער באַוועגונג שרייט אַרויס „מיר זיינען דאָ!“.

## איך קום צוריק צו דער אַרבעט

ענדלעך איז אָנגעקומען די דערלויבעניש, אַז איך מעג פאָרזעצן מיין אַרבעט אין די קעמפּס איבער דייטשלאַנד. דאָס מאָל בין איך אָבער מער נישט אין רשות פון „יידישן וועלט־קאָנגרעס“ נאָר פון דער „יידישער אַגענטור פאַר ארץ־ישראל“.

מיין ערשטער באַנייטער אַרויסטריט איז פאָרגעקומען אויף אַן „עונג־שבת“־פייערונג אין מינכען.

דאָס ביסעל פרייע צייט, וואָס איך האָב געהאַט, האָב איך אָפּגעגעבן צו שטודירן די אַמעריקאַנער יידישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער דאָרטיקער אָקופּאַציע־אַרמיי. עס איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנט בלעטל. מיר זייענדיק אין אַמעריקע, אָדער מיר האָבן ניט קיין באַגריף, אָדער מיר האָבן פּשוט נישט קיין צייט זיך אַריינ־צוטראַכטן וועגן דעם ווי פרעמד אונזערע אייגענע קינדער זיינען פון אונז, פון יידישקייט, פון דעם גאַנצן גייסטיקן לעבן אונזערן. איך האָב געהאַט גרוסן צו אייניקע סאָלדאַטן, קרובים פון אונזערע חברים אין אַמעריקע. זיי האָבן געוואָלדיק געבענקט עפּעס צו הערן וועגן יידן און יידישקייט. אַ סך פון זיי האָבן נישט געוואוסט וועגן קיין שום יידישן יום־טוב, ניט געקענט קיין אות פון אונזער געשיכטע, וועגן אונזער געמיינזאַמען גורל. זיי האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו מיינע קאָנצערטן און מיטגעבראַכט זייערע חברים און פריינט. אַ פונק, וואָס האָט טיף, זייער טיף, געטליט ביי מאַנכע, האָט זיך גענומען צעפלאַקערן. עס איז געווען אַ פרייד צו זען די ענדערונג, וואָס איז ביי אייניקע אַריינגעטראָטן נאָך עטלעכע שמועסן און באַגעגענישן. יאָ, אין די דיפּי־קעמפּס איז דערוואַכט געוואָרן צום לעבן נישט נאָר די שארית הפליטה, נאָר אויך די קערפּערלעך נישט־באַרירטע יידן פון אַמעריקע, וואָס זייער יידישער גייסט איז געווען אַ סך מער צע־שטערט ווי דער גייסט פון די געראַטעוועטע פון היטלער־גיהנום.

## אָן אַן ענטפער

איך האָב באַזוכט דעם קעמפּ אשוי. דאָרט איז אַ גרויסער קינדער־קעמפּ. קרוב 500 קינדער זיינען געקומען צום קאָנצערט, וועלכער איז פאָרגעקומען אין גרויסן אוידיטאָריום. סירענעס האָבן צונויפגערופן די יונגע באַזוכער. דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען נאָכמיטאָג. איך האָב געזונגען זיבן לידער. די קינדער האָבן אַפּלאָדירט ענטוזיאַסטיש. דער לייטער פון דעם קעמפּ איז הער אַראַנאָוויטש, וועלכער איז פּאַק־טיש דער פאָטער און די מוטער פון די קינדער. ער האָט מיר ריכטיק

באַמערקט, אַז איך האָב געזונגען פאַר אַ ריזיקן עולם, וואָרום יעדעס קינד איז ווערט צען טויזנט יידישע קינדער, וועלכע זיינען אומגע־בראַכט געוואָרן. איך האָב אויף אַזאַ אופן, פיגוראַטיוו, געזונגען פאַר אַ האַלבן מיליאָן יידישע קינדער.

לייוויק, וועלכער האָט אין מיין אָפּוועזנהייט צוליב אַ פאַרקילונג, ווי פריער דערמאָנט, אַליין באַזוכט מיט ד״ר אפרת דעם קעמפּ, האָט מיר געהאַט דערציילט שרעקלעכע זאַכן, אָבער ליידער אמת׳ע. איך האָב די זעלבע זאַכן ווידער געהערט דערציילן און אַ טייל פון זיי וועל איך קיינמאָל נישט קאָנען פאַרגעסן.

אָט איז אַ שטייגער די געשיכטע מיט דעם קליינעם יינגעלע, וועלכער האָט מיט דריי שוועסטערלעך געלעבט דריי יאָר אין וועלדער. ער איז בסך־הכל אַלט געווען צוועלף יאָר ווען זיינע עלטערן זיינען



משה׳לעך, שלמה׳לעך און שרה׳לעך שפּילן זיך ווידער

דער׳הרג׳עט געוואָרן. זיין אינגסט שוועסטערל איז געווען אַ קליין קינד פון 2 און אַ האַלב יאָר. ער איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב און גענומען די דריי שוועסטערלעך מיט זיך. איינס האָט ער געהאַלטן אין דער האַנט, אַ צווייטס האָט ער צוגעטשעפּעט צו זיך און דאָס דריטע האָט ער געהאַלטן ביים האַנט. ער האָט געשאַפן פאַר זיי עסן, זיי דער־נערט. ער האָט זיי געהיט ווי אַ חיה היט מיט איר אינסטינקט אירע קינדער. ער איז געווען אויפמערקזאַם אויפן קלענסטן גערויש ציי עס קומט נישט אָן אַ שונא. זיי ווידער זיינען אים נאָכגעגאַנגען ווי שעפּ־סעלעך. פון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ אינסטינקט צו די קינדער? אַ פּסיכאָלאָג וואָלט דאָ געהאַט פאַר זיך דאָס סאַמע שטאַרקסטע מאַ־טעריאַל פאַר אַ שטודיום.

איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל זען דאָס יינגעלע. ער איז געקומען. אַן אַלטער מענטש פון בלויז פופצן יאָר. ער רעדט נישט מער וועגן דעם וואָס עס איז געווען. ער איז נישט פאַראינטערעסירט צו דער־ציילן דאָס איבערמענטשלעכע, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען זיך אַליין צו ראַטעווען און אָפּצוהיטן זיינע שוועסטערלעך. איין פראַגע האָט ער מיר געשטעלט:

— וואָס וועט איצט זיין? וואוהין גייען מיר פון דאַנען?

ליידער האָב איך אים נישט געקאָנט געבן קיין ענטפער.

איך האָב זיך געשעמט. די גאַנצע בושה, וואָס די גרויסע וועלט וואָלט געדאַרפט פילן אין אַנגעזיכט פון אָט דעם קרבן אירן, האָב איך געפילט, אָבער קיין ענטפער האָב איך דעם מענטש־קינד נישט געקאָנט געבן.

„וואָס וועט טאַקע זיין מיט אים און זיינע שוועסטערלעך? וואוהין וועלן זיי טאַקע גיין?״.

נאָכן קאָנצערט האָבן די קינדער באַצירט מיין אויטאָמאָביל מיט בלומען. דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון זייער צופרידנקייט. איך בין אַוועק צו די וואוינונגען פון די קינדער. זייער גליק איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן לכבוד אונז געטאַנצט און געזונגען.



עמא שייוער באַשאַנקן מיט בלומען

# די דעלעגאַטן פון ארץ ישראל

ווידער האָב איך זיך פאַרקילט און געמוזט אָפּשטעלן מיינע קאָנ־צערטן אויף אַ וואָך. דורך דער צייט האָב איך זיך אויפגעהאַלטן אין אַ הויז פון דער „יידישער אַגענטור". דאָ האָבן אויך געוואוינט די פאַרשידענע דעלעגאַציע־מיטגלידער, וועלכע פלעגן האַלטן אין קומען און אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל. וועגן לאַנגווייליקן זיך דאָ האָט שוין נישט געקאָנט זיין קיין רייד. דאָ איז תמיד געווען אַ טומל, אַ באַוועגונג און שטענדיק האָט מען דאָ געקענט הערן נייעס, וואָס עס טוט זיך אין ארץ־ישראל און אין דער גאַנצער יידישער וועלט. די מענטשן, וועלכע זיינען געקומען פון ארץ־ישראלדיקן ישוב, זיינען

געווען זייער אינטערעסאַנט. איינס ווי איינס זיינען דאָס אידעאַליסטן פון שטאַרקסטן סאָרט. יעדער פון זיי איז באַוואוסטזיניק אויף זיין מיסיע און ווייס גענוי דעם צוועק צוליב וועלכן ער האָט פאַרלאָזט זיין היים און משפחה אין ארץ־ישראל, וואו ער האָט געהאַט זיין פרנסה, זיין שטוב, זיין געלעגער, זיין נאַרמאַל לעבן, און דאַרף זיך איצט אַריינפּאַסן אין אַ שווער לעבן פון וואַנדערער און פליכטלינגע. אָבער קיינער האָט דאָך די אויפגאַבע, וואָס שטייט פאַר אים פאַר, נישט גענומען אויף זיך דורך צוואַנג, נאָר פרייוויליק, ווי אַ חוב, וואָס ער איז שולדיק זיין פאָלק, זיינע ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען דורך אַ נס געבליבן לעבן אין היטלער־גיהנום, אָבער זיינען נאָך ווייט פון לעבן ווי מענטשן און נאָך ווייטער ווי פרייע יידן, אַ זאַך, וואָס זיי זעען נאָר מעגלעך אין ארץ־ישראל.

צווישן די דעלעגאַטן (גערופן: „משלחת") זיינען דאָ נישט ווייניקער פרויען ווי מענער. די זעלבע אַנטשלאָסנקייט און פעסטקייט, די זעלבע גרייטקייט אַריבערצוטראָגן באַוואוסטזיניק שוועריקייטן און ליידן, אָבער די זעלבע דורשט נאָך דער פאַרווירקלעכונג פון דער אויפגאַבע.

איינער פון די דעלעגאַטן איז חבר אנטמאַן, וועלכן כ'האָב שוין פריער דערמאָנט. ער שטאַמט פון גאַליציע. ער איז שוין עטלעכע און צוואנציק יאָר אין ארץ־ישראל. ער האָט דאָרט אַלץ מיטגעמאַכט, פון אַ חלוץ אויפן כביש, אין דאָרף, אויפן פעלד ביז אַן אַקטיווער טוער אין דער „הסתדרות". ער איז דער אויפזעער פון דער „יידישער אַגענטור".

חבר אַנטמאַן איז נישט קיין בעל הבית און האָט נישט אין זיין מאַכט קיין פּעקלעך, אפילו נישט קיין וויזעס קיין ארץ־ישראל. אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט, איז זיין עטישע באַציאונג, זיין אידעאַליזם מיט וועלכן ער שטעקט אָן די חלוצים. ער איז פאַר זיי אַ מוסטער וואָס עס מיינט אַ חלוץ, און די באַציאונג צו אים איז ווי צו אַ געליבטן פאָטער.

אָט איז, אַ שטייגער, זשעני טווערסקא. זי איז אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין, וואָס איז זייער פּאָפּולער אין ארץ־ישראל. איר מאַן איז אַ דאָקטאָר וועטרינאַר אין ארץ־ישראל. זי האָט אים איבערגעלאָזט אין

ארץ־ישראל צוזאַמען מיט צוויי קינדער און געקומען אַהער אין דייטשלאַנד טאָן איר פליכט. נאָך מער, עס האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז בעת איר זיין אין דייטשלאַנד איז אירע אַ טאָכטער געוואָרן מסוכן קראַנק. עס איז אַנטשטאַנען ביי איר אַ געראַנגל וואָס זי זאָל טאָן. פון איין זייט האָבן איר גערופן אירע מוטערלעכע פליכטן צו פאָרן צו איר קראַנק קינד אין ארץ־ישראל, פון דער אַנדערער זייט האָבן איר גערופן אירע נאַציאָנאַלע פליכטן צו בלייבן אויפן אָרט אין דייטשלאַנד. די פאַמיליע אין ארץ־ישראל האָט אויך גענומען אַ וואָרט אין דעם ענין. מען האָט גוט פאַרשטאַנען די ראָלע וואָס זשעני דאָרף שפּילן צווישן די פליכטלינגע און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז זי זאָל בלייבן אין דייטשלאַנד. דער מאַן האָט איבערגענומען איר פּלאַץ אַלס מוטער צו זאָרגן פאַר דער קראַנקער טאָכטער, אַבי זיין פרוי זאָל נישט געשטערט ווערן אין איר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט צווישן די דיפּיניקעס.

צום גליק האָט זשעניא טווערסקא קורץ נאָכדעם געקראָגן באַרו־איקנדע בריוו פון איר פאַמיליע וועגן איר קראַנקער טאָכטער און מען האָט זי דערמוטיקט, אַז זי זאָל ווייטער בלייבן אויף איר פּאָסטן אין דייטשלאַנד ביז זי וועט פאַרענדיקן איר אַרבעט.

אָט איז אַ באַווייז ווי אַזוי מענטשן טראַכטן נישט וועגן זיך, וועגן אייגענעם איך, וועגן יחיד, נאָר וועגן כלל, וועגן פאָלקס־אינטערעסן.

## אַ קאָנצערט קיינמאָל ניט צו פאַרגעסן

אַ קאָנצערט מיינער איז געווען באַשטימט אין קעמפּ לייפּהיים, אָבער איך בין נאָך געווען פאַרקילט, דאָך האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן כדי נישט צו אַנטוישן דעם עולם. עס האָט שטאַרק גערעגנט און די פאָרשטייער פון קעמפּ האָבן מיר טעלעפאָנירט, אַז זיי זיינען גרייט, צוליב מיין פאַרקילונג, אָפּצולייגן דעם קאָנצערט. בין איך דאָך אָבער אַ שטיקל עקשן, האָב איך זיי געענטפערט, אַז זיי זאָלן זיך נישט צופיל זאָרגן פאַר מיר און איך בין גרייט צו קומען. דאָ ערשט

זיינען זיי אַרויס מיטן אמת, אַז היות ווי זיי דערוואַרטן אַ גרויסן עולם, האָבן זיי גענומען דעם גרויסן זאַל פון קעמפּ, אָבער דער זאַל האָט אַ „קראַנקן" דאַך, און עס רעגנט אַריין. אַ סך פון עולם האָבן נישט קיין שירעמס, האָבן אַפילו נישט קיין גאַנצע שיך, דעריבער איז נישט ראַטזאַם, אַז דער קאָנצערט זאָל היינט פּאַרקומען. קורץ, מיר האָבן זיך געאייניקט אָפּצולייגן דעם קאָנצערט אויף אַ טאָג שפּעטער. צומאָרגנס זיינען מיר אַרויסגעפאָרן צום קעמפּ. דער הימל איז געווען אַ ביסל כמורנע, אָבער גערעגנט האָט נישט. ערשט אַ שעה פאַרן קאָנצערט האָט גענומען גיסן ווי מיט צעבערס. איך האָב שטאַרק געצווייפלט צי אין אַזאַ וועטער וועט ווער קומען צום קאָנצערט וויסנ־דיק, אַז עס רעגנט אַריין אין זאַל. ווי איבערראַשט בין איך אָבער געוואָרן ווען כ'האָב געפונען דעם גרויסן זאַל איבערגעפּאַקט מיט 1,400 באַזוכער. מען איז געווען צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן: זשעני טווערסקא האָט גערעדט אַ פערטל שעה וועגן הענריעטאַ סזאָלד. נישט געקוקט אויפן רעגן, וואָס האָט זיי באַנעצט, איז דער עולם געזעסן געשפּאַנט און זיך נישט גערירט פון אָרט. איך האָב געקוקט אויפן עולם ווי ער מאַכט זיך גאָרנישט דערפון וואָס ער ווערט באַנעצט, און איך האָב באַשלאָסן, אַז איך בין אויך נאָר איינער פון זיי. אויב זיי קאָנען זיצן און הערן ווערנדיק באַגאָסן פון רעגן, דאַרף איך קאָנען זינגען ווערנדיק באַגאָסן פון רעגן.

דער רעגן האָט געקלאַפּט אויפן דאַך. דאָס איז נישט געווען אַזאַ אָנגענעמער אַקאָמפּאַניאַמענט פאַר מיין זינגען. אין זאַל איז געוואָרן דעמפּיק. עס האָט גענומען קלעפּן אויף אַלעמען. באַלד האָט גענומען רעגענען אויף דער פּיאַנאָ, אויפן עולם, אויף מיר, אויפן אַקאָמפּאַני־אַטאָר. עס איז געווען אַ צושטאַנד שווער אַריבערצוטראָגן. איך בין אָבער נישט אַפּגעטראָטן פון מיין פּלאַץ. איך האָב געזונגען. דער אַקאָמ־פּאַניאַטאָר האָט געשפּילט. מיר האָבן זיך געדאַרפט ווישן פון די טראָפּנס וואַסער, אָבער האָבן געטאָן אונזערס. אויך דער גאַנצער עולם איז געבליבן זיצן אויף די ערטער. דער רעגן האָט געגאָסן, די לייבער האָבן געקלעפּט, מען האָט זיך געווישט פון וואַסער, אָבער געבליבן זיצן.

אָט יענעם קאָנצערט וועל איך, און אפשר אויך די צוהערער, קיינמאָל נישט פאַרגעסן. נאָכן קאָנצערט איז פאָרגעקומען אַן אימ־פּראָוויזירט באַנקעטל און דאָרט זיינען אויפגעטראָטן אייגענע קרעפטן און צווישן זיי האָט אַ יונג מיידל געלייענט אירע צוויי לידער, וואָס האָבן אויף אַלעמען געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. אָט דאָס מיידל איז שוין איצט אין ארץ־ישראל און אויב איך וועל אַמאָל הערן, אַז עס איז פון איר אויסגעוואַקסן אַ גרויסע דיכטערין, וועל איך גאָרנישט זיין איבערראַשט.

## יידישע קינדער שונאים פון דייטשלאַנד

מיר פאָרן קיין פראַנקפורט געבן קאָנצערטן אין יענעם ראַיאָן. אָבער עס זאָגט זיך לייכט „מיר פאָרן". בסך־הכל פאַר איך אָן מיין אַקאָמפּאַניאַטאָר ווייל איך מעג זיך באַוועגן אויף אַ מיליטערישן אופן און צוליב דעם האָב איך אַ רעכט צו פאָרן מיט דער מיליטערישער באַן, וואָס האָט אַלע באַקוועמלעכקייטן: פאָרט שנעל, איז פּינקטלעך און האָט אַ שלאָף־וואַגאָן. אָבער מיין אַקאָמפּאַניאַטאָר, אַבראַמאָוויטש, איז אַ דיפּיניק, און ער טאָר נישט פאָרן אין דער זעלבער באַן מיט מיר. ער מעג נאָר פאָרן מיט ציווילע באַנען, וואָס שלעפּן זיך, זיינען געוואַלדיק איבערגעפּאַקט, אַזוי, אַז וועגן שלאָפן ווי אַ מענטש איז גאָרנישטאָ וואָס צו ריידן, נאָר עס איז אים אויסגעקומען אַ גאַנצע נאַכט אַפילו נישט צו זיצן, נאָר צו שטיין אויפן פּלאַטפאָרם.

מיין אַקאָמפּאַניאַטאָר איז געווען אַ בחור פון שאַוול, ליטע. ווען די דייטשן זיינען אַריין, איז ער אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. ער איז געווען אַ גוטער שפּילער אויף אַן אַקאָרדיאָן און טאַקע אויף דעם אינסטרו־מענט פלעגט ער מיך באַגלייטן וואו מיר האָבן נישט געקאָנט קריגן קיין פּיאַנאָ. זיין חלק אין דער מלחמה האָט זיך אויסגעדריקט דער־מיט וואָס ער פלעגט אויף זיין אינסטרומענט שפּילן פאַר רוסישע סאָל־דאַטן, וועלכע זיינען געווען אויפן פראָנט. דאָס האָט געשפּילט אַ געוואַל־דיקע ראָלע פאַר דער דערמוטיקונג, פאַר דער אַזוי־גערופענער „מאָ־

ראַל״ פון די סאָלדאַטן, און די מאַכט האָט עס ווי געהעריק אָפּגעשאַצט.

אַלע אַנדערע פון זיין פאַמיליע, אויסער איין ברודער, זיינען דורך די נאַציישע רוצחים דערמאָרדעט געוואָרן. וועגן דעם לעבנגעבלי־בענעם ברודער האָט ער זיך דערוואוסט, אַז ער געפינט זיך אין מינכע־נער ראַיאָן, איז מיין אַקאָמפּאַניאַטאָר אַהערגעקומען אים אויפזוכן. דאָ האָט ער געשפּילט אַלס אַקאָרדיאָניסט אין „יידישן אָרקעסטער״. אויף קיין פּיאַנאָ האָט ער שוין לאַנג נישט געשפּילט. ער איז געווען גרייט צו אַרבעטן. ער האָט זיך שטאַרק דיסציפּלינירט, אַן אייגנשאַפט, וואָס האָט געפעלט אַ סך דיפּיניקעס.

זעענדיק ווי ער האָט זיך געפלאָגט אויף אונזער רייזע קיין פראַנקפורט, האָב איך באַשלאָסן, אַז איך טאָר אים מער נישט לאָזן פאָרן אַזוי מאַטערנדיק, און איך האָב געשטעלט אַ באַדינג, אַז אָדער מיר פאָרן ביידע ווי גלייכע, אָדער איך פאָר מער נישט בכלל. נאַ־טירלעך האָב איך נישט געקענט ענדערן דאָס מיליטערישע געזעץ, אַז ער זאָל מעגן פאָרן מיט דער מיליטערישער באַן, איז דעריבער נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג ווי פאָרן צוזאַמען אויף אויטאָס.

אונזער ערשטער אָפּשטעל אין דער פראַנקפורטער געגנט איז געווען אין קעמפּ לאַמפּערטהיים. דאָ געפינען זיך, פּראָפּאָרציאָנעל, אַ סך יידישע קינדער. אָט זיינען נאָר וואָס אָנגעקומען פון פּוילן 270 קינדער, פון וועלכע זיבעציק זיינען דאָ באַזעצט געוואָרן. זיי זיינען אין עלטער פון 3 ביז 15 יאָר. אַ סך פון די ייִנגלעך זיינען נישט גע׳מל׳ט, ווייל אָדער זיי זיינען געבוירן געוואָרן אין דער צייט פון דער היטלער־מגפה, ווען עס זיינען נישט געווען קיין מעגלעכקייטן דערצו, אָדער זיי זיינען געבוירן געוואָרן ביי עלטערן, וואָס זיינען שוין געווען ווייט פון יידישקייט און זיי האָבן נישט געוואָלט אָפּ־שטעמפּלען זייערע קינדער מיט בריתו של אברהם אבינו. דער גרעס־טער טייל פון אָט די יידישע קינדער איז אויסגעקויפט פון קריסטן, וואו זיי זיינען געווען באַהאַלטן אָדער געלעבט פריי, כלומרשט אַלס קריסטן. עס איז שווער, כל זמן מען זעט זיי נישט, איז אוממעגלעך פאָרצושטעלן זיך די פּראָבלעמען און די שוועריקייטן, וואָס מען האָט

מיט אָט די קינדער, וועלכע זיינען נישט נאָר אויפגעצויגן געוואָרן פריי פון יידישקייט, נאָר גאַנץ אָפט אַלס שונאים פון יידן. עס איז די טרויעריקסטע טראַגעדיע, אפשר די בייזסטע, פון דער שוידערלעכער צייט, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין אייראָפּע, אַז יידישע קינדער, וועמענס עלטערן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן על קידוש־השם ועל קידוש האומה, זאָלן אויפגעצויגן ווערן אַלס שונאים פון זייער אייגן פאָלק, פון זייערע אייגענע לעבנגעבליבענע עלטערן און קרובים. יאָ, אַ גרויסער טייל פון אָט די קינדער האָט פיינט יידן, שרעקט זיך פאַר יידן, ווייל אַזעלכע געדאַנקען, אַזעלכע געפילן האָט מען אין זיי איינגעוואָרצלט. אפשר איז דאָס געווען דער שטאַרקסטער אַרגומענט וואָס האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט זיך אויסצוהיטן פון זייערע גרויסע שונאים — די דייטשן, וואָרום דורכדעם זיינען זיי געווען געשיצט, אַז זיי זיינען ניט קיין „יודען־קינדער“. אָבער איצט דאַרף מען אָט



מ׳לערנט זיך ווידער יידישקייט

דעם גיפט אויסוואָרצלען, און דאָס איז נישט פון די גאָר גרינגע זאַכן.

אַלע קינדער זעען אויס אַ העלפט פון זייערע יאָרן. טרויעריקע אויגן, גרויסע קעפּ, שמאָלע קערפּערס. מען זעט נישט אויף זייערע פּנים׳ער קיין פרייד. עס איז שווער צו גלייבן, אַז דאָס זיינען קינדער.

נאָכן קאָנצערט האָבן זיי מיך אָנגעקומען צו זייער פּלאַץ, האָבן זיך אויסגעשטעלט און געזונגען. זיי האָבן געזונגען בלויז מיט די ליפּן. זייערע אויגן זיינען געווען אָן אויסדרוק פון פרייד.

## די דייטשן לאָזן זיך ליב האָבן...

אָבער נישט נאָר די קינדער זיינען נאָך „אַבנאָרמאַל". נישט בע־סער איז די לאַגע ביי די דערוואַקסענע. אַן אַלגעמיינער שטריך צו דער פּסיכאָלאָגיע פון די דיפּיניקעס: זיי זיינען אַזוי נערוועז, אַז זיי קאָנען נישט איינזיצן אויף אַ פּלאַץ מער ווי צען מינוט. זיי האַלטן אין וואַנדערן פון איין אָרט צום אַנדערן.

דעריבער האָב איך געהאַט די גרויסע סאַטיספאַקציע, אַז מיט די קאָנצערטן האָבן מיר געהיילט זייער גייסט. ס׳איז געווען אַ נחת־רוח צו זען ווי אַזוי אַט די זעלבע אומרואיקע מענטשן זיינען אויסגעזעסן אויף די קאָנצערטן און האָבן נישט געוואַנדערט. און דאָ וויל איך מאַכן אַ שטיקל באַמערקונג, וואָס האָט שוין צו טאָן מיט קריטיק. פאַקטן האָבן מיר געוויזן, אַז ווי ווייניק מוזיקאַליש דער עולם זאָל זיין, ווי קנאַפּ פאַכמעניש ער זאָל זיין אין מוזיק, צי ער באַגרייפט אַלץ, וואָס ער הערט אויף אַ קאָנצערט, צי נישט, האָט ער אָבער אַ פאַרשטענדעניש פאַר דער ערנסטקייט פון קינסטלער, און ווען דער קינסטלער איז נאָר ערלעך און איבערגעגעבן צו זיין באַרוף, פילט און באַגרייפט דאָס דער נישט־פאַכמענישער צוהערער און ער ווייזט אַרויס אויפ־מערזאַמקייט און געהער, וואָס ווירקט גלייכצייטיק, אַז ער זאָל זיך באַרואיקן.

אויפֿן וועג זיינען מיר דורכגעפֿאָרן מאַנהיים און דאַרמשטאַט, באַרימטע דייטשישע שטעט.ביידע שטעט זיינען דרייפֿערטל חרוב. איך בין אויך דורכגעפֿאָרן היידעלבערג, די באַרימטע דייטשישע אוניווערזיטעט־שטאָט. איך בין געווען אין לאָקאַל פֿון דזשואיש וועל־פֿעיר באָרד, אַן אַמאָליק פּראַטערנאַל הויז, וואָס ליגט אָן אַ זייט פֿון אַ באַרג.

אין דער פֿראַנקפֿורטער געגנט האָב איך אַ קוזין, ד״ר סעם אַלט־שולער, אַ מעיאָר אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. ער וויל דאָ בלייבן אַ יאָר. ער האָט געבראַכט זיין פֿרוי צו זיך. לאָמיך דאָ אויסזאָגן אַ סוד, אַז זיי האָבן דאָ אַ פּרעכטיקע וואוינונג, מיט אַ גאָרטן, מיט דינער און באַ־דינטע. זאַכן וואָס מ׳קען זיך אין אַמעריקע נישט פֿאַרגינען. אַזאַ לעבן מוז גוט ווירקן אויף די געקומענע באַאַמטע. זיי הייבן אָן ליב קריגן דייטשלאַנד. כ׳ווייס נישט צי אויף די יידישע באַאַמטע וועט עס האָבן אַזאַ ווירקונג, ווייל סוף כל סוף איז יעדער ייד דורכגעדרונגען מיט די געפֿילן פֿון שנאה צו דייטשלאַנד, וואָס האָט חרוב געמאַכט אונזער פֿאָלק. אָבער איך בין שטאַרק מסופּק צי אויך גוים, וועלכע האָבן נישט די זעלבע געפֿילן, וועלן, אין זכות פֿון דעם לייכטן לעבן אין דייטשלאַנד, אַמאָל ניט מוחל זיין די דייטשן אויף אַ סך פֿון זייערע עבֿרות...

איך האָב מיין קוזין, וועלכער איז אַ מעדיקאַל דירעקטאָר, דער־קלערט די יידישע לאַגע, ווייל כאָטש ער אַרבעט איצט דאָרט, איז ער מיט יידישע פּראָבלעמען נישט צו שטאַרק באַקאַנט.

## אין אַ סאַנאַטאָריע פֿאַר טובערקולאָזע

אין קעמפּ איינרינג בין איך אייגנטלעך פֿריער שוין געווען, צו־זאַמען מיט די אַנדערע צוויי מיטגלידער פֿון דער דעלעגאַציע, אָבער אַזוי ווי איך האָב דעמאָלט נישט געהאַט קיין אַקאָמפּאַניאַטאָר און האָב צוליב דעם נישט געקאָנט זינגען, האָב איך געהאַלטן, אַז איך בין זיי שולדיק אַ חוב, און איצט בין איך אַהינגעפֿאָרן אָפּצאָלן דעם חוב. דער לאַגער געפֿינט זיך נעבן זאַלצבורג, באַלד ביי דער עסטרייכישער גרע־

נעץ. דאָ אַהער קומען זעלטן געסט און די פרייד פון די קאָנצערט־באַ־זוכער איז דעריבער געווען נאָך גרעסער.

פון דאָרט זיינען מיר צוגעפאָרן צום קעמפּ גאוטינג. דאָ געפינט זיך אַ גרויסע סאַנאַטאָריע פאַר טובערקולאָזע. עס איז געווען אַ רעגנ־דיקער טאָג, אָבער דאָך האָט מען צונויפגעקליבן אַן ערך 700 פּאַציענטן, צווישן זיי אויך נישט־יידן. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין זייערע שפּי־טאָל־קליידער, אין פּידזשאַמעס, איבער וועלכע זיי האָבן געטראָגן רעגן־מאַנטלען. נאָכן קאָנצערט האָב איך באַזוכט די וואַרדס, וואו עס זיינען געלעגן די קראַנקע, וועלכע זיינען אָדער אָפּערירט געוואָרן אָדער אַזעל־כע, וועלכע עס איז געווען שווער אַראָפּצוקומען אין זאַל. פאַראַן דאָ אַזעלכע חולאים, וועלכע ליגן שוין חדשים־לאַנג און עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן זייער פרייד ווען אַ מענטש קומט צו זיי. אין נאָרמאַלע באַדינגונגען ווען אַ חולה ליגט, ווערט ער באַזוכט פון זיינע קרובים. אָבער אָט די חולאים, מאַנכע איינצלנע געראַטעוועטע פון אַ גאַנצער משפחה, האָבן דאָך נישט קיינעם, וואָס זאָל צו זיי קומען מיט אַ טרייסט־וואָרט.

איך האָב מיט אַ סך פון זיי גערעדט. באַזונדערס קאָן איך נישט פאַרגעסן איין קראַנקע יונגע פרוי פון אַן ערך 23 יאָר, אַ פּאַרטיזאַנקע, וועלכע האָט געהאַט 8 רוסישע אויסצייכנונגען פאַר העלדישע קאַמפן. זי האָט גראָד דעמאָלט געהאַט שטאַרקע היץ. זי האָט געפילט, אַז זי איז זייער ערנסט קראַנק. זי איז שוין געווען היסטעריש פון איר צו־שטאַנד. צו קריגן די 8 אויסצייכנונגען האָט זי גענוג געליטן, און דער צער איז געווען באַזונדערס גרויס, וואָס אַזאַ העלדין, וועלכע האָט אַזויפיל איבערגעלעבט, שוועבט נאָך אַלץ צווישן לעבן און טויט און וועט אפשר נישט קאָנען געניסן פון איר אויסגעקעמפטער פרייהייט.

אַלע פּאַציענטן האָבן זיך באַקלאָגט, אַז זיי באַקומען נישט גענוג שפּייז און אַז אפילו דאָס וואָס זיי קריגן יאָ, איז נישט פון ערשטער קוואַליטעט. כדי צו באַשטעטיקן זייערע קלאַגעס, האָבן זיי מיך גע־בעטן, אַז איך זאָל קומען אין דעם שפּייזע־זאַל ווען זיי קריגן זייערע

פּאָרציעס און זיך איבערצייגן, אַז זיי זיינען נישט קיין „קראַנקס“, נאָר אַז זייערע טענות זיינען גערעכטע.

## די באַציאונג פון קינדער צו זייערע יידישע עלטערן

אין פעלדאַפינג, וואו איך האָב אויך געהאַט אַ קאָנצערט, האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַ פּאָרל און אַ קינד, וואָס האָבן הינטער זיך אַ שפּאַנענדע געשיכטע. דער מאַן איז געווען פון די בעסטע זעצערס אין וואַרשע. זיי האָבן געהאַט אַ קינד פון דריי יאָר ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן. זיי האָבן געוואוסט וואָס עס דערוואַרט זיי. זייער ערשטע זאָרג איז דעריבער געווען אויסצוהיטן זייער קינד, אַז עס זאָל נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון די נאַציס, וועלכע וואָלטן עס באַלד דער׳-הרג׳עט. האָבן זיי גענומען וויפיל געלט זיי האָבן געהאַט, האָבן אויפ־געזוכט אַ באַקאַנטע אָרעמע פּוילישע פאַמיליע און אַוועקגעגעבן זיי דאָס קינד צוזאַמען מיט זייער גאַנץ פאַרמעגן. אָפּגערעדט איז געוואָרן, אַז אויב עס וועט געשען אַ נס און די עלטערן וועלן בלייבן לעבן, ווערט דאָס קינד זיי צוריק געקערט. טאַטע־מאַמע זיינען נאָכדעם לאַנג שוין נישט געווען צוזאַמען. דער דייטש האָט זיי געפּאַקט און אָפּגעשיקט אין אַרבעטס־לאַגערן. מאַן און פרוי זיינען די גאַנצע צייט געווען צע־שיידט און נישט געוואוסט איינער פון אַנדערן און, נאַטירלעך, אויך נישט וועגן זייער אויג אין קאָפּ, וועגן זייער קינד. דער נס איז געשען. די מלחמה האָט זיך געענדיקט און טאַטע־מאַמע זיינען געבליבן לעבן. זיי האָבן זיך אויפגעזוכט און ווידער פאַראייניקט. איצט האָבן זיי אָנ־געהויבן זאָרגן וועגן צוריקנעמען זייער קינד צו זיך. זיי זיינען אַוועק צו דער קריסטלעכער פאַמיליע, ביי וועמען זיי האָבן געהאַט איבערגע־לאָזט זייער דריי־יאָריק קינד, וואָס איז איצט שוין געווען אַ דערוואַקסן מיידעלע. כאָטש די קריסטלעכע פאַמיליע האָט זיך שוין געהאַט צוגע־בונדן צום קינד, האָט זי אָבער נישט געמאַכט קיין שום שטערונגען און נישט געפּרואווט ענדערן דעם אָפּמאַך. די פאַמיליע האָט אפילו נישט,

ווי אַנדערע פאַמיליעס, געפאָדערט קיין פּרוטה אויסלייז־געלט. זיי האָבן אנערקענט, אַז דאָס געלט, וואָס די אמת׳ע עלטערן האָבן זיי געגעבן ווען זיי האָבן זיי איבערגעגעבן דאָס קינד, איז געווען אָפּגעצאָלט אין פאָרויס פאַר דער גאַנצער צייט וואָס דאָס קינד וועט זיין ביי זיי. אָבער דער ווידערשטאַנד איז געקומען מצד דעם קינד. עס האָט בשום אופן נישט געוואָלט פאַרלאָזן די קריסטלעכע פאַמיליע און גיין צו אירע אמת׳ע עלטערן. אירע גוואַלדן זיינען געגאַנגען ביז אונטערן הימל.

— שיקט מיך נישט אַוועק — האָט זיך דאָס קינד געבעטן מיט אַ געוויין — איך וועל ביי אייך זיין אַ דינסט מיין גאַנץ לעבן, אָבער גיט מיך ניט אָפּ צו די שמוציקע אידן!

און ווען אירע אמת׳ע עלטערן האָבן זי געפּרובט איינשטילן און נעמען צו זיך, האָט דאָס קינד זיי געדראַפּעט, צעריסן די פּנים׳ער און געשריגן:

— אַוועק פון מיר, רירט מיך נישט אָן מיט אייערע שמוציקע הענט!

דאָך האָט מען דאָס קינד אַרויסגענומען פון דער פּוילישער פאַמיליע. די ערשטע צייט האָבן די עלטערן „נישט געלעקט קיין האָניק", אָבער זייער עקשנות איז זיי בייגעשטאַנען און זיי האָבן סוף כל סוף „איינגעביסן" דאָס קינד. עס איז נאָך געבליבן אַ זייער שטורמיש קינד ביז היינט צו טאָג, אָבער עס ווייסט שוין, אַז עס איז אַ ייד און ווער עס זיינען אירע אמת׳ע עלטערן.

## אַ קרבן

מיר האָבן זיך גענומען פאָרן אין אַן אַנדערע ריכטונג און דאָס ערשטע זיך אָפּגעשטעלט אין קעמפּ באַמבערג.

איידער איך וועל באַשרייבן אונזער קאָנצערט, האַלט איך פאַר וויכטיק צו ווידמען אַ פּאָר ווערטער אַ גרויסן מענטשן, אַ האַרציקער יידישער טאָכטער, וועלכע איז געפאַלן אַ קרבן אין דינסט פון דער שארית הפליטה. דאָס איז רעבעקאַ קאָפּעלסאָן פון ברוקלין, ניו־יאָרק. זי איז

דאָרט געווען אַלס אָנגעשטעלטע פון „דזשאָינט". זי איז לכתחילה ניט געווען צו פיל באַקאַנט מיט יידישע ענינים. ווי אַ סך יידישע מיידלעך, אפילו אין ניו־יאָרק, איז זי אויפגעוואַקסן אָן שום אינטערעס און באַקאַנטשאַפט מיט יידישע פּראָבלעמען, אָבער אין משך פון דער צייט, וואָס זי איז געווען אין די באַזעצטע געביטן פון דייטשלאַנד מיט דער שארית הפליטה, איז זי דורכגעגאַנגען דעם „יידישן קאָלעדזש" און געוואָרן נישט נאָר באַהאַוונט אין די פּראָבלעמען פון די דיפּיניקעס, נאָר אין אַלגעמיינעם יידישן פּראָבלעם, באַזונדערס אין שייכות מיט ארץ־ישראל, און איר גרעסטע שטרעבונג איז געווען, אַז נאָכדעם ווי זי וועט פאַרטיק ווערן מיט איר אַרבעט אין די קעמפּס, זאָל זי אַליין עולה זיין קיין ארץ־ישראל און דאָרט ווערן אַ טייל פון באַנייטן ישוב. רעבעקאַ קאָפּעלסאָן האָט געהאַט אין איר רשות אַ גרויסן שטח דורך וועלכן עס



רעבעקאַ קאָפּעלסאָן

זיינען דורכגעגאַנגען די גרעסטע צאָל יידישע פּליטה'ניקעס. און דאָס גראָד איז דער אומגעהויערער צופאַלס פון מענטש געגאַנגען אין דער צייט פון רעגן־פּעריאָד, ווען די גאַנצע געגענט איז געווען איינגעטונקן אין וואַסער. וואוינונגען פאַר אַלע געקומענע איז געווען אוממעגלעך צו קריגן און מען האָט זיי געמוזט פאַרלויפיק באַזעצן אין טענטס (בייד־לעך) אין וועלכע עס האָט אַריינגערעגנט. דער עולם איז דערפון גע־וואָרן שרעקליך דענערווירט. מען האָט געדאַרפט האָבן אַ סך טאַקט און ליבע אומצוגיין מיט זיי, און זי האָט דאָס אַרויסגעוויזן. עס איז ניט געווען פאַר איר קיין זאַך צו טייער, קיין אַרבעט צו שווער, אַבי צו ברייני־גען רו פאַר די איבערגעבליבענע. זי האָט מער ווי איינמאָל געטאָפּ־טשעט אין די בלאָטעס ביז צו די קני, אַבי צוצוקומען מיט ראָט און טאָט צו די געראַטעוועטע. עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער וואָס זי איז געווען אַזוי באַליבט ביי דער שארית הפליטה.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי זי איז געשטאַנען מיט אירע צעשפּרייטע הענט ביים געזעגנען זיך מיט מיר, ווען איך האָב פאַרלאָזט די קעמפּס אַהיים קיין אַמעריקע.

ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז אָט דאָס אידעאַליסטישע מיידל וועט שוין לאַנג מיט אונז נישט בלייבן ?!

איר טויט איז געקומען דורך אַן אומגליקלעכן צופאַל: זי איז פאַר־טשאַדעט געוואָרן פון אַ גאַז־אויוועלע מיט וועלכן זי האָט געוואָלט דער־הייצן איר צימער.

אויפן בית עולם אין ניו־יאָרק, ליגט דער טויטער קערפּער פון אַ יונג יידיש אידעאַליסטיש מיידל, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן פאַר איר פאָלק.

צום קאָנצערט אין באָמבערג זיינען אַ חוץ די קראַנקע און אַ גרופּע פרומע יידן, וואָס קוקן קרום אויף „קול באשה", אלע געקומען. דער קאָנ־צערט איז פאָרגעקומען אין לאַגער גופא. דאָ זיינען די פאַמיליעס ניט צעטיילט אין באַזונדערע וואוינונגען, נאָר אין גרעסערע צימערן זיינען

געמאַכט געוואָרן פּאַפּירענע מחיצות פאַר צוויי פאַמיליעס. אַנדערש איז דאָ געווען אוממעגלעך איינצוקוואַרטירן די דיפּיניקעס.

אַזוי ווי אין שטאָט גופא וואוינען אויך אַ סך יידן, האָט מען צוויי טעג שפּעטער אַראַנזשירט אַ קאָנצערט אין שטאָט. דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין „רעזידענץ טעאַטער" און די באַזוכער האָבן לכבוד מיר געמאַכט אַ מאַניפעסטאַציע אויף דער גאַס נאָכן קאָנצערט.

## מיט חלוצים

אין יענער געגנט געפינען זיך אויף אַ גרויסן שטח צעשפּרייט קי־בוצים פון חלוצים, און די פריער דערמאָנטע רעבעקאַ קאָפּעלסאָן האָט באַשלאָסן, אַז מען מוז צוליב טאָן דער יונגער חברה, וועלכע האָבן דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל צו זיי קומען. זי האָט איינגעאָרדנט, אַז אַלע 5 קיבוצים פון דער געגענט זאָלן זיך צונויפקומען אין קיבוץ פּעגניץ אַ נאָכמיטאָג און איך האָב זיי געגעבן אַ קאָנצערט אין אַ דייטש־ער שול. געקומען זיינען נישט נאָר די חלוצים, נאָר אויך אַ מיליטערישע אָפּטיילונג אין יענער געגענט. עס זיינען טאַקע נישט געווען די באַק־וועמלעכקייטן וואָס אין שטאָט אָדער אפילו אין אַ קעמפּ, אָבער עס איז פאָרט געווען אַ מחיה צו זינגען פאַר די חלוצים. אָט די חברה זיינען דער בעסטער אויסדרוק פון דער לאָזונג „מיר זיינען דאָ!". זיי גרייטן זיך שוין צו זייער ניי לעבן אין ארץ־ישראל. אַלץ דאָ איז קעגן זיי. זיי ליידן פון אַ גרויסן מאַנגעל אין זאַכן, אָבער דאָך שטעלט זיי גאָרנישט אָפּ צוצוגעוואוינען זיך צו דעם נייעם סאָרט לעבן אין ארץ־ישראל, וואוהין זיי בענקען מיט אַלע זייערע חושים.

די דעלעגאַטן פון ארץ־ישראל לעבן מיט זיי און זיינען פאַר זיי אַ מוסטער ווי אַזוי איינצואָרדנען זייער לעבן.

## „כל נדרי" אויף וואַגנערס פּיאַנאָ

נאָכן קאָנצערט זיינען מיר אַריינגעפאָרן איןביירוט, די שטאָט, וואו עס קומען יעדעס יאָר פאַר די באַרימטע „וואַגנער פעסטי־וואַלן". אַלס אָפּערן־זינגערין בין איך שטענדיק געווען שטאַרק באַ־

איינפלוסט פון וואַגנערס אָפּערעס. איך האָב געוואוסט, אַז וואַגנער איז געווען אַ גרויסער אַנטיסעמיט, אָבער איך האָב עס שטאַרק אָפּגעטיילט פון זיין מוזיקאַלישן טאַלאַנט און האָב זיך בשום אופן נישט געקאָנט באַ־פרייען פון זיין גרויסע באַגאַבונג. עס איז דעריבער געווען גאַנץ נאַטיר־לעך, אַז ווילבאַלד איך בין געווען אין דער שטאָט, וואו ער האָט געלעבט, בין איך געווען שטאַרק נייגיריק אויך צו זען זיין הויז, וואו ער האָט גע־שאַפן זיינע גרויסע מייסטערווערק. איך האָב זיך צוליב דעם אָפּגע־שטעלט אין ביירוט, וואו עס איז געווען זיין לעצטע היים, און וואו עס געפינט זיך אויך זיין קבר.

ביירוט איז אויסבאָמבאַרדירט פון די באָמבעס, וואָס אונזערע האָבן געהאָגלט איבער דער שטאָט. אויך וואַגנער׳ס הויז איז חרוב, אויסער איין ווינקל, דער לעצטער, וואָס איז צוגעבויט געוואָרן צו זיין הויז. אָט דער ווינקל איז געבליבן גאַנץ. דאָרט איז איצט דער קלוב פון די באַ־אַמטע פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. די באַדינער פון וואַגנערס הויז זיינען די זעלבע, וואָס זיינען געווען פריער. זיי האָבן איבערגעלעבט דריי דייטשלאַנדס: דאָס אַמאָליקע דייטשלאַנד פאַר היטלערן, דאָס היט־לער־דייטשלאַנד און איצט, דאָס באַזעצטע דייטשלאַנד.

איך בין אַריינגעגאַנגען אין דער שטוב און געזען אַ גרויסע קאָנ־צערט־פּיאַנאָ.

— דאָס איסט די פּיאַנאָ אויף וועלכער דער גראָסער מייסטער ריכאַרד וואַגנער געשפּילט האַטע — האָט מיר אַ באַדינער דערקלערט. ער האָט געעפנט די פּיאַנאָ און מיר געוויזן ווי אינעווייניק אויף אַ טאַבלעט איז מיט גאָלדענע אותיות געווען אויסגעקריצט „דאָס איז געבויט געוואָרן ביי בעקשטיין אין 1873 פאַר ריכאַרד וואַגנער״.

איך האָב באַקומען אַ גוואַלדיקן חשק אָנצורירן די קלאַווישן אויף וועלכע עס האָבן אַמאָל געקלאַפּט די פינגער פון דעם גרויסן מייסטער. איך האָב באַלד איינגעזען, אַז איך וועל דערצו נישט האָבן קיין שטע־רונג. און קוים האָב איך אָנגערירט די קלאַווישן, האָב איך באַקומען אַ גוואַלדיקן דראַנג עפּעס צו שפּילן אויף דעם קלאַוויר, און איידער וואָס,

האָב איך מיין פאַרלאַנג דורכגעפירט. און דאָ איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, אַז אויב שוין יאָ שפּילן אויף וואַגנערס קלאַוויר, דאַרף מען עפּעס, וואָס דריקט אויס אַמשטאַרקסטן דעם יידישן געפיל, דעם יידישן סענטימענט, און וואָס איז דערצו נאָך פּאַסיקער ווי „כל נדרי״?, און אַזוי האָב איך זיך אַוועקגעזעצט און אָפּגעשפּילט „כל נדרי״.

מען דאַרף נישט זיין סענטימענטאַל אָדער אַלטרואיסטיש, אָבער דאָך האָב איך געהאַט אַ מאָדנע געפיל ווען איך האָב געשפּילט און געטראַכט, אַז אָט זיצט אַ יידישע פרוי אין צימער פון גרויסן וועלט־מייסטער ריכאַרד וואַגנער און שפּילט אויף זיין קלאַוויר „כל נדרי״; אויפן קלאַוויר פון דעם גרויסן קינסטלער, וואָס איז נישט געווען קיין קלענערער קינסטלער אויפן געביט פון אַנטיסעמיטיזם, און וואָס איז אפשר געווען דער פאָרגייער פון זיין יורש היטלער. האָט דאָך וואַגנער געהעצט קעגן יידן און דערצויגן דעם היטלעריזם, וועלכער האָט זיך פאַרשוואוירן קעגן מיין פאָלק, און דאָך האָט דער שיקזאַל געוואָלט, אַז פונקט ווי אַלע רשעים האָט זיך אויך דעם רשע נישט איינגעגעבן דער פּלאַן אָפּצואווישן מיין פאָלק פון אונטער גאָטס הימל, און איצט זיצט אַ יידישע טאָכטער און שפּילט אויף וואַגנערס פּיאַנאָ דווקא „כל נדרי״.

צוריקגעקומען קיין מינכען, בין איך אַוועק געבן אַ קאָנצערט אין שטאָט־שפּיטאָל, וואָס לכתחילה האָט אים ען ליפא געהאַט באַקומען, צו־זאַמען מיטן טשאַפּלען קלאוזנער, פאַר די יידישע חולאים, און איצט ווערט ער פאַרוואַלטעט פון ד״ר פּייסוכאָוויטש פון שאַוול. אַלע פּאַצי־ענטן, וועלכע קענען נאָר אַרומגיין, זיינען געזעסן אין זאַל אין מיטן. בייביידע זייטן זיינען אין די בעטן געלעגן די קראַנקע, וועלכע קענען נישט אַרומגיין. די ערנסטערע קראַנקע, וועלכע מען קאָן אפילו נישט באַוועגן, האָט מען אויך נישט באַרויבט פון קאָנצערט. מ׳האָט פאַר זיי אויפגעשטעלט אַ לאָוד־ספּיקער אין גרויסן קאָרידאָר, און זיי האָבן נאָר געדאַרפט לאָזן עפענען די טירן פון זייערע צימערן, אַז דער לאָוד־ספּי־קער זאָל זיי אַריינברענגען דאָס געזאַנג.

נאָכן קאָנצערט בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די וואָרדס. אַ סך

חולאים זיינען זייער ערנסט קראַנק, האַפּנונגסלאָז. מאַנכע האָבן דאָ אי־בערגעלעבט זייערע לעצטע טעג, און אַלע זיינען זיי מיר געווען גוואַל־דיק דאַנקבאַר, וואָס איך האָב זיי פאַרשאַפט אַ גייסטיקן גענוס. דאָס איז געווען זייער ערשטע גרויסע אונטערהאַלטונג.

דער נעקסטער קאָנצערט מייַנער איז געווען אין וואַסערבערג. אין זאַל גייען אַריין 400 באַזוכער. געקומען זיינען 600, איז מען טאַקע ממש געהאַנגען אויף די ווענט. די פענצטער אין דער גאַס אַריין זיינען גע־ווען אָפן, און מען האָט געקענט זען אַריינגעשטעקטע קעפּ פון דער גאַס, וואָס האָבן געוואָלט בעסער הערן די זינגערין.

איך האָב מיטגענומען מיט זיך אייניקע אַמעריקאַנער יידישע סאָל־דאַטן. מיין שוועגערינס ברודער, ליאָ פרידמאַן, אַ סאָלדאַט, האָט גענו־מען אויף זיך די אויפגאַבע צו פאַריידישן זיינע יידישע קאָלעגן, און ער האָט באַשלאָסן, אַז איינע פון די מיטלען פאַר דעם צוועק, וועט זיין, ווען זיי וועלן הערן אַ יידישן קאָנצערט. איך קאָן זאָגן מיט אַ רואיק געוויסן, אַז דער בחור האָט געהאַט דערפאָלג. איינער פון דער חברה, שעלדאָן לאַטס, האָט זיך גאָר שטאַרק צעוואָרעמט. שוין נאָכדעם ווי ער איז באַפרייט געוואָרן פון זיין דינסט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, איז ער נישט צוריקגעפאָרן אַהיים צו זיינע עלטערן אין אַמעריקע, נאָר ער איז געבליבן אין דייטשלאַנד אַרבעטן פאַר דער „שארית הפליטה". און אפילו אין דער הינזיכט, האָט ער געוויזן אויף וויפיל ער האָט זיך אָנגעשטעקט מיט אידעאַליזם. אויב שוין בלייבן אין דייטשלאַנד, האָט ער לייכט געקאָנט באַקומען אַ באַצאָלטע שטעלע אין „דזשאָינט". ער האָט אָבער באַפאָרצוגט צו בלייבן מיט דער „יידישער אַגענטור" אָן שכירות, בלויז פאַרן עסן, אַבי צו קאָנען זיך אויסלעבן און דורכפירן נאַציאָנאַלע אויפגאַבן, ווי עס טוען די חברים פון דער „יידישער אַגענ־טור". עס האָט אים געצוונדן די אחריות פון די אַרבעטן, וואָס די „אַגענ־טור" טוט פאַר די פליכטלינגע, מחוץ די הילפס־אַרבעטן פון „דזשאָינט". אָדער אָט איז דער 18 יעריקער דזשאו פון פילאַדעלפיע. אונזער אָט־מאָספערע האָט אים אַזוי באַגייסטערט, אַז ער איז געוואָרן ווי צוגע־



עמאַ שייוועך מיט צוויי אַמעריקאַנער יידישע סאָלדאַטן, ליא פרידמאַן און שעלדאָן לאַטס, ביי דער „יידישער אַגענטור״ אין מינכען

קלעפּט צו אונז. ער האָט געהערט וועגן דער „התקוה״, און האָט ניט גערוט ביז ער האָט געהערט מיך זינגען אונזער נאַציאָנאַלן הימן, און ווען ער האָט צום ערשטן מאָל געהערט זינגען „התקוה״, איז ער געוואָרן ווי אַ פאַרצאַפּלטער און אַזוי האָט ער יעדעס מאָל געהערט אונזער יידישן הימן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן יראת הכבוד.

דעם בחור איז צוגעקומען אַ נייער „קרוב״. ביז איצט איז אים געווען אייגן בלויז דער אַמעריקאַנער הימן. בלויז דאָס אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלע ליד פלעגט ריידן צו אים נאָנט און אייגן. איצט הערנדיק די „התקוה״ און זעענדיק די דבקות מיט וועלכער דער יידישער הימן איז געזונגען געוואָרן פון די פליכטלינגע, האָט זיך אין אים אָנגעצונדן דאָס „פּינטעלע ייד״, און ער האָט ממש געקוואָלן יעדעס מאָל, ווען ער האָט געהערט און געהאַט אַ געלעגנהייט מיטצוזינגען די „התקוה״.

עמא שייווער

# פסיכאָלאָגישע טענות צו זיך...

צום קאָנצערט אין שטוטגאַרט, וואָס איז פאָרגעקומען אין קאָנצערט זאַל, זיינען געקומען 1,000 מענטשן. דאָ האָבן די יידישע פליכטלינגע כמעט די בעסטע קוואַרטירן ווי אין גאַנץ דייטשלאַנד. דער לאַגער געפינט זיך אין שטאָט גופא. פריער איז דאָ געווען אַ קוואַרטאַל פון מיטל-קלאַס, געפינען זיך דאָ קלאַווירן אין אַ סך הייזער פון דער אַמאָליקער דייטשער באַפעלקערונג. לכתחילה איז די שטאָט פאַרנומען געוואָרן פון די פראַנצויזן, דערנאָך זיינען אַריין די אַמעריקאַנער און זיי האָבן פאַר־אָרדענט די דייטשן אָפּצולייזיקן די וואוינונגען אין משך פון 24 שעה. דער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן, און די דייטשן האָבן גאָרניט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך, זיינען געבליבן וואוינונגען מיט מעבל, מיט בעטגעוואַנט, מיט אַלעם גוטן, און ווען מען האָט שפּעטער דאָ אַריינגעזעצט די יידישע פליכטלינגע, האָבן זיי זיך, נאָך זייערע שוידערלעכע איבערלעבונגען, געפילט ווי אין אַ גן עדן.

אין שטוטגאַרט האָבן די יידן בכלל זיך אַביסל צוגענומען די הענט: מ'האָט דאָ איינגעאָרדענט אַ „בית ביאליק", געעפנט שולעס, אַ ביבליאָטעק, און די „אַגענטור" האָט דאָ אָנגעשטעלט אינסטיטוציעס, וועלכע פאַרשפּרייטן דאָ דעם ריח פון ארץ־ישראל.

דער עלעמענט דאָ איז דער עיקר פון דער פוילישער שטאָט ראַדאָם, און דעריבער איז שוין נישט קיין וואונדער, וואָס דער פּרעזידענט פון קולטור־קאָמיטעט, מר. ראָטענבערג, איז אויך אַ ראַדאָמער. ער איז נאָך אַן אַלטער כלל־טוער, גוט באַקאַנט צווישן זיינע לאַנדסלייט פון נאָך פאַרן קריג. ער איז אין ראַדאָם געווען אַ מיטגליד אין שטאָט־ראַט און האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין אָרטיקן יידישן לעבן. ער איז אַן איבערגעגעבענער נאַציאָנאַלער ייד. ער האָט געהאַט אַ סך מעגלעכקייטן צו פאַרלאָזן שטוטגאַרט און קומען אין אַמעריקע, וואָס דורך דעם וואָלט ער זיך אומפאַרגלייכלעך פאַרבעסערט זיין עקאָנאָמישע לאַגע, אָבער ער האָט אָפּגעזאָגט אַלע מעגלעכקייטן צו פאָרן קיין אַמעריקע, ווייל ער האָט געפילט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס ער טראָגט אויף

זיך אַלס פאָרשטייער פון די פליכטלינגע. ער האָט געוואָלט ווייזן אַ ביישפּיל זיינע שוועסטער און ברידער ווי אַזוי מען דאַרף זיך האַלטן. זיין מיינונג איז, אַז די יידן פון דאָרט האָבן נאָר איין פּלאַץ וואו זיי זאָלן פאָרן און קאָנען צוריק ווערן נאָרמאַלע מענטשן, און דאָס איז ארץ־ישראל. מען קאָן טאַקע נישט האָבן קיין טענות צו די יידן, וואָס האָבן נישט קיין געדולד צו וואַרטן ביז זיי קאָנען דאָס דורכפירן, און אויב זיי האָבן דערווייל אַ מעגלעכקייט צו עמיגרירן קיין אַמעריקע, באַנוצן זיי די געלעגנהייט. אָבער ער וויל דאָס נישט טאָן און כדי צו ווירקן אויף אַנדערע, אַז זיי זאָלן דאָס נישט טאָן, דאַרף ער דערווייל בלייבן אויפן אָרט און שטעל.

ער איז דאָ צוזאַמען מיט זיין טאָכטער, אַ זון און אַ שנור. די פרוי, זייער מוטער, איז אומגעקומען. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, זיי־נען קודם כל אַנטלאָפן די מענער, ווייל זיי זיינען געווען אין דער גרעס־טער סכנה. ראָטענבערג און זיין זון האָבן זיך געראַטעוועט קיין סאָוועט־רוסלאַנד. זיי האָבן געוואַנדערט איבער דער גאַנצער גרויסער רוסישער מדינה. אויף דאָרט איז ראָטענבערג געווען אַ פירזאָגער, אַ מנהיג פון די פליכטלינגע. זיין פרוי און טאָכטער זיינען פאַרבליבן אין פּוילן. מוטער און טאָכטער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. די טאָכטער האָט אויס־גענוצט די פּראָטעקציע דורך באַקאַנטע קריסטן און דורך דעם האָבן זיי זיך טאַקע אַ שטיק צייט אויסגעהיט פון אַריינפאַלן אין די נאַצישע הענט, אָבער איינמאָל האָבן די נאַציס געכאַפּט די מוטער, בעת די טאָכטער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון זייערע הענט. די מוטער איז שוין מער קיינמאָל נישט צוריקגעקומען. נאָכדעם ווי די מלחמה האָט זיך געענ־דיקט, זיינען דער פאָטער און זון צוריקגעקומען, פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, קיין ראַדאָם, און, ווי דער שטייגער, גאָרניט געפונען, האָבן זיי גענומען וואַנדערן ביז זיי זיינען געקומען קיין דייטשלאַנד, און דאָ האָבן זיי זיך געטראָפן מיט זייער געראַטעוועטער טאָכטער. זייריידן נישט וועגן זייער אומגעקומענער פרוי און מוטער, אָבער אין דער לופט פילט זיך ווי זיי טראָגן אויף זייער געוויסן איר טויט. זיי מאַכן זיך שולדיק וואָס זיי

האָבן זיך געראַטעוועט און זי איבערגעלאָזט אין די הענט פון די רשעים.

דאָס איז נישט קיין איינצלנער פאַל. דאָס איז איינער פון אַן אַ שיעור פאַלן, אין די טויזנטער, ווי געראַטעוועטע גייען אַרום מיט אַ שולד־קאָמפּלעקס, וועלענדיק זיך איינריידן, אַז זיי האָבן נישט גענוג געטאָן צו ראַטעווען זייערע נאָענטע. מיר קאָנען זיך אין דעם נישט אַריינמישן, כאָטש דער קאַלטער שכל זאָגט אונז, אַז קיינער פון זיי איז נישט שולדיק, און מיט יעדן געראַטעוועטן איז געשען אַ נס, און פאַר אַ געשעהענעם, אָדער נישט־געשעהענעם נס קאָן קיינער נישט זיין פאַר־אַנטוואָרטלעך.

## דער קאָנצערט אויף די גאַסן פון שטוטגאַרט

איך בין געווען זייער מיד נאָכן קאָנצערט און כ׳וואָלט געוואָלט גיין רוען, אָבער איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וועט נישט זיין מעגלעך, ווייל די אַראַנזשירער פון קאָנצערט האָבן נאָך פון פריער באַשטימט אַ שטיקל „אָוונט״ ביי ראַטענבערגן אין שטוב און מ׳האָט אַהין איינגע־לאַדן פאָרשטייער פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס. עס זיינען געווען בערך 25 פּערזאָן. מ׳האָט געשטעלט אַ שיינעם טיש, מיט גוטע פּרוכטן. עס איז אפילו געווען ארץ־ישראל וויין. די שטימונג איז געווען אַ יום־טוב׳דיקע. עס האָט זיך געבעטן אַ זמר׳ל, אָבער דער עולם האָט גע־וואוסט, אַז איך בין נאָך מיד פון מיין קאָנצערט און מ׳האָט נישט גע־וואַגט מיך צו בעטן ווידער זינגען. מיין אַקאָמפּאַניאַטאָר האָט גענומען זיין אַקאָרדיאָן און אָפּגעשפּילט עטלעכע נומערן. די שטימונג איז גע־וואָרן נאָך וואַרעמער. איך אַליין בין געוואָרן אַזוי געשטימט, אַז איך האָב גאָר פאַרגעסן אין מיין מידיקייט. מ׳האָט מיך גאָרנישט געדאַרפט בעטן, אַז איך זאָל זינגען. איך האָב זיך אַליין אויפגעשטעלט ביים טיש און גענומען זינגען. אָבער ווי דערשטוינט זיינען מיר אַלע געוואָרן, ווען נאָכן אָפּזינגען אַ נומער, האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער אַפּלאָז, וואָס איז נישט געקומען פון די פאַרזאַמעלטע אין זאַל, נאָר פון דרויסן, פון דער גאַס. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעשטעלט, אַז דער עולם, וואָס האָט

מיך געהערט אויפן קאָנצערט און האָט געוואוסט, אַז איך בין אַוועקגע־גאַנגען אויף אַ סעודה׳לע צו ראָטענבערגן, איז געבליבן וואַרטן אויף דער גאַס אַרום ראָטענבערגס הויז, און איצט ווען ער האָט זיך טאַקע דערוואַרט, האָט ער זיך געלאָזט הערן.

דאָס הויז, וואו ראָטענבערג האָט געוואוינט, האָט געהאַט דריי שטאָק. ער האָט געוואוינט אויפן צווייטן שטאָק. איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער און זיך פאַרנייגט פאַר מיינע אַפּלאָדירער. פאַר מיינע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ מערקווירדיק בילד: אויף דער גאַס זיינען גע־שטאַנען עטלעכע הונדערט מענטשן, וואָס האָבן אָפּגעשטעלט יעדן פאַר־קער אויף דער גאַס, וואָס איז דערצו געווען די הויפּט־גאַס. עס איז גע־ווען אַ זומער. די לופט איז געווען אַ מילדע. עס איז געווען ניט שווער צו זיין עטלעכע שעה אויף דער גאַס. ווען דער עולם האָט מיך דערזען ביים פענצטער, האָט מען גענומען שרייען, אַז איך זאָל נאָך עפּעס זינ־גען. כדי דער עולם אויף דער גאַס זאָל מיך בעסער הערן, האָב איך דאָס צווייטע ליד שוין געזונגען ביים פענצטער אין דער גאַס אַריין. דער אַקאָרדיאָניסט האָט מיך באַגלייט. איך האָב געזונגען דאָס ליד „שבתביים שלש סעודות״, און ווען ס׳איז געקומען צו די ווערטער „אתה אחד ושמך אחד ומי כעמך ישראל״, האָב איך אַזוי געפילט, אַז איך האָב די ווערטער געזונגען ווי נאָך קיינמאָל. דער עכאָ האָט צעטראָגן די ווערטער נישט נאָר איבער דער גאַס, וואו דער עולם איז געשטאַנען, נאָר נאָך ווייטער. עס האָט געקלונגען ווי סימבאָליש, ווי אַ לויב־גע־זאַנג צו גאָט, וואָס ער האָט פאָרט רחמנות געהאַט אויף זיין אויסדער־ווילט פאָלק און עס נישט געלאָזט אינגאַנצן אומברענגען. גלייכצייטיק זיינען נאָך קיינמאָל ווי דאָ נישט געווען אַזוי טרעפליך די ווערטער „ומי כעמך ישראל״, טאַקע, טאַטע — פאָטער אין הימל, וואו האָסטו נאָך אַזאַ פאָלק, וואָס זאָל האָבן אַזאַ אויסדויער און אַזאַ ווילן צום לעבן. נאָך אַלע גגישות, נאָך אַלע מערדערייען, נאָך די אַלע בעסטיאַליטעטן, נאָך די איבערמענטשלעכע ליידן, שטייען ווידער יידן אויף די גאַסן פון איינע פון די דייטשסטע שטעט, אין שטוטגאַרט, וואָס איז שוין געווען

„יודען־ריין״ און הערן אַ לויב־געזאַנג צום בורא עולם און אַן אָדע צום פאָלק ישראל!

עס איז געווען אַ מערקווירדיק בילד, וואָס עס איז שווער צו פאַר־געסן. דער עולם איז געשטאַנען אין גאַס ווי פאַרגאַפּט און געשריגן, אַז ער וויל נאָך. איך האָב געזונגען דאָס פּאַרטיזאַנען־ליד, אָבער דער עולם איז נישט געזעטיקט געוואָרן און געוואָלט, אַז איך זאָל נאָך זינגען.

דער זייגער איז שוין געווען 11. דאָס איז די פּאָליציי־שעה. איך האָב מורא געהאַט, אַז די מיליטער-פּאָליס קאָן נאָך אָנקומען און וועלן צעטרייבן דעם עולם, וואָס קען אין זיין עקסטאַז אַמאָל זיך ניט לאָזן, און גאָט ווייסט צו וואָס דאָס קאָן דערפירן, בין איך אַראָפּ צום עולם אין גאַס, און געבעטן, אַז מען זאָל זיך פונאַנדערגיין, ווייל איך קען מער נישט זינגען. דער עולם האָט פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל כאָטש זינ־גען „כל נדרי״, אָבער אויך דאָס האָב איך זיי נישט געקאָנט נאָכגעבן. איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָמאָביל, וואָס איז געשטאַנען אויף דער גאַס, און פון דאָרט אויס אַפּעלירט צום עולם, אַז ער זאָל זיך פאַנאַנדערגיין, וואָס מען האָט מיך ענדליך געפאָלגט.

איך בין געווען שרעקלעך אויפגערעגט, גוואַלדיק עמאָציאָנירט פון דער גאַסן־סצענע. אַביסל האָב איך זיך אויך, דעם אמת געזאָגט, דער־שראָקן פאַרן עולם. כ׳האָב צום ערשטן מאָל דערפילט, וואָס עס הייסט אַזוינס מאַסע און דער כוח פון דער מאַסע און אויך די השפּעה, וואָס אַ יחיד קאָן האָבן אויף דער מאַסע. עס איז אַ בינטל פון שטימונגען, געפילן, וואו דער קאַלטער שכל האָט גאָרנישט קיין צוטריט. דער עק־סטאַז פון דער מאַסע, שפּעטער זייער אומצופרידנהייט פון מוזן אַהיימ־גיין, האָבן מיך ערשיטערט און אַרויסגעריסן פון מיין גלייכגעוויכט.

איך האָב די גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט שלאָפן, נאָר גע־טראַכט וועגן אונזער ביטערן מזל, וואָס אַזעלכע מענטשן האָט דער ביי־זער משחית פאַרטיליקט, אָבער גלייכצייטיק האָב איך אויך געטראַכט וועגן דער פליכט, וואָס ליגט אויף אונז זיי צו העלפן זיך צוריקצושטעלן אויף די פיס, און דאָ איז מיר געקומען אויפן געדאַנק די אַזוי־גערופענע

„אומלעגאַלע״ עליה קיין ארץ־ישראל פון אַט די פּליכטלינגע. און קוים האָב איך גענומען טראַכטן וועגן דעם, האָב איך באַשלאָסן ביי מיר, אַז איך מוז אָנשטרענגען אַלע מעגלעכקייטן און עס זען מיט די אייגענע אויגן און אפשר אויך צוטראָגן אַ ציגל צו דער זאַך.

יאָ, איך טאָר פריער ניט פאַרלאָזן דייטשלאַנד ביז איך וועל מיט מיינע אייגענע אויגן זען דאָס מסירת נפש׳דיקע בלעטל אין אונזער מאָדערנער יידישער געשיכטע. אָבער פאַרוואָס נאָר איך אַליין, פאַרוואָס נישט אויך משה, מיין מאַן, וועלכער האָט מסכים געווען חדשים לאַנג צו זיין אָפּגעשיידט פון מיר, אַבי איך זאָל קענען טאָן עפּעס פאַר אָט דעם רעשטל געבליבענע? איז דאָך משה אַ געזעלשאַפטלעכער טוער אין אַמעריקע, איז ער דאָך אַ מענטש פון דער באַוועגונג, איז ער דאָך מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער אויפלעבונגס אידיי פון ארץ־ישראל און פון יידישן פאָלק, פאַרוואָס זאָל טאַקע אויך ער נישט קריגן די מעגלעכקייט עפּעס אַליין צו טאָן מיט זיינע אייגענע הענט? און קוים האָב איך גענומען טראַכטן אין אָט דער ריכטונג, האָט שוין לאַנג נישט געדויערט ביז איך האָב אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז אנשטאָט איך זאָל אינגיכן אַהיימפאָרן קיין אַמעריקע, דאַרף איך בעסער אַרויספאָדערן מיין מאַן קיין אייראָפּע. איך האָב וועגן דעם באַשלוס אָנגעפרעגט ביי ד״ר האָפמאַן און באַקומען זיין צושטימונג, און טאַקע באַלד צומאָרגנס האָב איך אָט דעם באַשלוס טעלעגראַפירט צו מיין מאַן אין דעטראָיט.

אין טעלעגראַמעס און לופט־בריוו, וואָס זיינען נאָכגעשיקט געוואָרן נאָך דער טעלעגראַמע, האָב איך צו מיין מאַן נישט געשריבן דייטלעך וואָס איך וויל פון אים און וואָס פאַראַ אַרבעט עס דערוואַרט אים, אָבער ער האָט אַליין פאַרשטאַנען פון צווישן די שורות. איך האָב אים נאָר אָנגעוויזן, אַז ער זאָל מיטברענגען אַ געהעריקע סומע, ווייל געלט איז דאָ שטענדיק זייער נויטיק.

צו משה׳ס שבח דאַרף איך זאָגן, אַז ער האָט זיך גאָרנישט געוואַקלט און באַלד מסכים געווען צו קומען. ער איז תיכף צוגעטראָטן צו די נויטיקע פאָרמאַליטעטן צו קאָנען פאָרן קיין אייראָפּע. אָבער דאָס

האָט נאָר געמיינט, אַז ער קאָן אַריינקומען אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, בעלגיע אָדער יעדעס אַנדערע לאַנד אין אייראָפּע, אָבער נישט אין די קעמפּס, וואָס שטייען אונטער מיליטערישער פאַרוואַלטונג.

אָבער מיר האָבן געהאַט אמונה, אַז קוים וועט ער נאָר זיין אין אייראָפּע, וועלן מיר שוין זען עפּעס צו טאָן, אַז ער זאָל קאָנען אַריינ־קומען דאָרט וואו מען דאַרף אים האָבן און וואו ער קאָן טאָן אַרבעט; בוי־אַרבעט פאַר אונזער שארית הפליטה און פאַר אונזער אויסגעבענקט היימלאַנד.

## מיט דער „אומלעגאַלער" עליה

נאָך זייענדיק אין אַמעריקע האָב איך געוואוסט, אַז עס גייט אָן אַן „אומלעגאַלע" עליה קיין ארץ־ישראל. ווער ווייס עס נישט דערפון? איז דען פאַראַן איין טאָג ווען די פּרעסע איז נישט פול מיט ידיעות וועגן די העלדישע עולים און דעם אוממענטשלעכן קאַמף, וואָס די ענג־לענדער פירן קעגן זיי? אָבער דאָ, אין די קעמפּס, האָב איך עפּעס מער געהערט וועגן אָט דער עליה. איך האָב געזען זאַכן אויף וועלכע מען פרעגט דאָ נישט קיין קשיות, נאָר מען נעמט זיי אָן ווי מען זעט זיי. בכלל רעדט מען דאָ נישט וועגן דעם.

איך האָב באַקומען אַ גוואַלדיקן חשק צו זען אַזאַ טראַנספּאָרט און אפשר גאָר אים מיטמאַכן. כ'האָב אפילו געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז איך וואָלט עס באַטראַכט פאַר אַ גרויסע זכיה ווען מען נעמט מיך מיט אויף אַזאַ טראַנספּאָרט. אָבער אויב מען וויל מיך נישט מיטנעמען, וועל איך אויך נישט זיין באַליידיקט, ווייל כ'פאַרשטיי די באַדייטונג פון אַזאַ אונטערנעמונג און ווייס די אחריות פון אַזאַ זאַך. מיינע געפילן וועגן דעם ענין זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו פּערזאָנען, וואָס האָבן דערמיט עפּעס צו טאָן.

איינמאָל האָב איך באַקומען אַ ידיעה, אַז מיין פאַרלאַנג ווערט באַ־וויליקט. איך וועל ווערן מיטגענומען מיט אַזאַ טראַנספּאָרט, און איך זאָל זיין גרייט צו קומען דאָרט וואו מען וועט מיך הייסן. אַז איך האָב

געזען, אַז איך האָב אַזויפיל מזל, אַז מיין חלום ווערט פאַרווירקלעכט, בין איך שוין געוואָרן אַביסל פעסטער ביי מיר און כ׳האָב געשטעלט אַ באַדינג, אַז איך וויל מיך נישט באַטייליקן אין ענין בלויז ווי אַ שטו־מער עדות, נאָר איך וויל דערביי אויך האָבן אַ געוויסע אַרבעט, אַ וויכ־טיקע, אָדער אַ מינדערוויכטיקע, אָבער עפּעס זאָל איך אויך טאָן. זאָלן זיי אַליין באַשטימען וועלכע אַרבעט איך קאָן. איך וועל זיי אין דעם קיין דעה נישט זאָגן, אָבער עפּעס זאָל מען מיר געבן צו טאָן, אַן אַרבעט פאַר וועלכער איך זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך. אויך דער פאָרשלאָג מיי־נער איז אַקצעפּטירט געוואָרן.

גראָד אין יענעם טאָג איז געגאַנגען אַ לעגאַלער טראַנספּאָרט קיין ארץ־ישראל. 35 יידן זיינען מיט סערטיפיקאַטן אָפּגעפאָרן פון מינכען קיין ארץ־ישראל. די מערסטע פון די 35 זיינען געווען עלטערע, קראַנקע, פאַרקריפּעלטע. צווישן זיי איז געווען איינער, וואָס איז אַמאָל געווען דער הויפּט פון דייטשן געריכט, מיט זיין פרוי. איך בין געגאַנגען צום וואָקזאַל זיך מיט זיי געזעגנען. דאָ האָב איך געזען בפירוש ווי יידן זיינען עובר אויף אַ לאו פון די עשרת הדברות, אויף „לא תחמוד”. יאָ, זיי האָבן יאָ געגלוסט, זיי האָבן יאָ מקנא געווען די אָפּפאָרנדע, אָבער ווער האָט זיי געקאָנט דערפאַר באַשולדיקן? וועלכער רב וואָלט אָט דעם „תחמוד” באַטראַכט ווי אַן עברה, נאָכדעם וואָס די מענטשן האָבן אַלץ איבערגעלעבט, און ווען אויף ארץ־ישראל לייגן זיי זייער לעצט שטיקל האָפנונג?!

די יידישע וועלט ווייס פון אַן „עליה ב׳”, וואָס דאָס באַדייט די אַזוי־גערופענע „אומלעגאַלע” עליה. אָבער ווער ווייס עס וועגן אַן „עליה ג׳”? נו, דאָ, אין די קעמפּס, האָב איך געזען אַן עליה ג׳.

## „עליה ג׳”

געוויינלעך זיינען די עולים, וואָס גרייטן זיך פאָרן קיין ארץ־ישראל, אָדער „ארץ”, ווי זיי רופן ארץ־ישראל בקיצור, איינגעטיילט לויט זייערע פּאָליטישע שאַטירונגען און גרופּירונגען. „השומר הצעיר”

באַזונדער, „דרור" באַזונדער און אַזוי ווייטער. כדי נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף זיך, הייבן זיי זיך אָן צוזאַמענצוקלייבן נאָך מיט אַ טאָג פריער. זיי קומען געוויינלעך אין אַ גרעסערע צאָל אין אַ גרופּע. זייערע מדריכים (קאָמאַנדירן) האָבן שוין ליסטעס מיט זייערע נעמען. מיר, די מיטפאָרער מיט די טראַנספּאָרטן, קריגן אויך ליסטעס נאָכצושטימען די פּערסאָנאַליען פון די עולים, זייער ביאָ־גראַפיע און פאָטאָגראַפיע. דאָס זיינען פאַרהאַרטעוועטע מענטשן, וואָס האָבן שוין אַלץ מיטגעמאַכט, האָבן שוין געזען דעם טויט פאַר די אויגן, און דאָך דריקן נאָך אויס זייערע פּנים׳ער שרעק טאָמער ווערן זייערע נעמען נישט דערמאָנט אין די ליסטעס און זיי וועלן צוליב דעם נישט קאָנען עולה זיין. און דאָ הייבט זיך אָן די געשיכטע מיט דער „עליה ג׳". דאָס זיינען, אַזעלכע, וואָס ווילן זיך מיטכאַפּן אומלעגאַל מיט דער אומלעגאַלער עליה. זיי ווייסן, אַז זיי זיינען צוליב דער אָדער יענער סיבה נאָך נישט באַשטימט געוואָרן צו פאָרן, אָבער זיי האָבן מער נישט קיין געדולד צו וואַרטן און זיי לאָזן זיך מיט די גרופּעס אויף „טאָמער" און „אפשר", אפשר וועט זיך זיי פאָרט איינגעבן אַריינצו־



מ׳גייט אַריין אין די טראָקס פאַר דער „עליה ב׳"

קומען, אפשר איז אַ באַרעכטיקטער קראַנק געוואָרן אין דער לעצטער מינוט, און זיי וועלן קאָנען פאַרנעמען יענעמס אָרט. זיי ווייסן, אַז זיי זיינען נישט די ריכטיקע באַרעכטיקטע צו דעם טראַנספּאָרט, און ווען מען רופט אויס אַ נאָמען, און אין מאָמענט רופט זיך דער באַ־רעכטיקטער נישט אָן, גייט צו אַזאַ איינער פון די אומלעגאַלע, פון דער „עליה ג׳ ״, און זאָגט, אַז דאָס איז ער. געוויינלעך האָט אַזאַ איינער נישט די ריכטיקע דאָקומענטן פאַרן טראַנספּאָרט. ער האָט בלויז זיינע אַ פאָטאָגראַפיע. און ווען דער מדריך זאָגט אים, אַז ער קען אים נישט מיטנעמען, ווייל עס איז נישטאָ קיין זיכערקייט, אַז דאָס איז טאַקע ער, ווערט דער „עליה ג׳־עולה״ נישט געפאַלן ביי זיך. ער טענה׳ט „איך האָב דאָך מיין פאָטאָגראַפיע. איך זעט דאָך, אַז דאָס בין איך״, און ווען דער מדריך ווייזט אים אָן, אַז דאָס מיינט דאָך גאָר־נישט, דער עיקר איז די נויטיקע אידענטיפיקאַציע, אַז ער איז באַ־רעכטיקט צו דעם טראַנספּאָרט, מאַכט ער עס בקיצור:

— איך ד אַ ר ף מיטפאָרן!

עס איז דאָ אַ בפרוש׳ער געזעץ, אַז יעדער עולה מעג מיט זיך מיטנעמען באַגאַזש נאָר 15 קילאָ און דאָס פון סאַמע נייטיקסטן. אָבער עס העלפט נישט, מען שלעפט פעק פון 50 קילאָ, און ווען איר מאַכט דערויף אויפמערקזאַם, וויל מען אייך מיט געוואַלד איינריידן, אַז דאָס פעקל וועגט נישט מער ווי 15 קילאָ. אָבער וואָס העלפט דאָס? סיי ווי סיי מוז מען שפּעטער דעם איבעריקן באַגאַזש אַריינוואַרפן אין ים, ווייל די שיפלעך קאָנען מער נישט שלעפן ווי די באַשטימטע וואָג און קיין איבעריקער פלאַץ איז דאָרט אויך נישטאָ, און ווען עס שטייט אויף דער וואָגשאָל מענטש אָדער זאַכן, געווינט דער מענטש און מען באַפרייט זיך פון די זאַכן כדי צו קענען מיטנעמען וואָס מער מענטשן.

אָבער עס טרעפט, אַז טראָץ אַלע וואָרענונגען, טראָץ אַלע פאַר־באָטן כאַפּט זיך מיט אויפן טראָק, וואָס פירט צו דער שיף, אַן עולה פון עליה ג׳. די איבעריקע מענטשן און דער איבעריקער באַגאַזש מאַכן אָן אַזאַ ענגשאַפט אויפן טראָק, אַז נישט נאָר שטייט מען צו־נויפגעקוועטשט, נאָר אָפט הענגט איינער אין דער לופטן און די רייזע

דויערט אַמאָל אַ סך טעג. אָבער מען נעמט אַלץ פֿאַר ליב, אַבי מיט דער האָפֿענונג, אַז מען דערנענטערט זיך צום געגאַרטן לאַנד.

אונזער טראַנספּאָרט באַשטייט פֿון דריי עשאַלאָנען. יעדער עשאַ־לאָן איז אַרויסגעפֿאָרן פֿון אַן אַנדער פּלאַץ, אָבער אין אַ געוויסן פּונקט דאַרפֿן זיך אַלע דריי עשאַלאָנען צונויפֿטרעפֿן און נישט נאָר אין אַ געוויסן פּונקט, נאָר עס איז אויך אויסגערעכנט אין וועלכער צייט דאָס זאָל געשען.

אָבער אָט איז שוין איבער אַ שעה פֿון דער באַשטימטער צייט. ס׳ווערט שוין טונקל. אונזער עשאַלאָן איז אויפֿן באַשטימטן פּונקט, אָבער מיר זעען נאָך נישט דעם צווייטן. מיר שיקן אַרויס אַן אויטאָ זוכן דעם צווייטן עשאַלאָן. עס באַפֿאַלט אונז אַ שרעק. ענדלעך איז דער צווייטער עשאַלאָן אָנגעקומען. ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ פֿאַר־שפּעטיקונג, דערצו האָבן זיי זיך אַביסל פֿאַרהאַלטן אין וועג. איצט דאַרפֿן מיר פֿאָרן צו אַ נייעם פּונקט, וואו מיר וועלן זיך טרעפֿן מיטן דריטן עשאַלאָן, און אונזער גאַנצער טראַנספּאָרט וועט זיין צוזאַמען.

## די רעוויזיע

פּלוצלינג דערזעען מיר ליכט־סיגנאַלן. דאָס איז נישט קיין גוטער סימן. ריכטיק: מיליטערישע פּאָליס האָט בלאָקירט די וועגן אַרום און אַרום מיט מאַשינבעיקסן און הייבן אָן אונז אויספֿרעגן. מיר ווייזן „געהעריקע״ פּאַפּירן און מען דערלויבט אונז ווייטער פֿאָרן, אָבער אָט קומט אַ באַפֿעל, אַז מען מוז יעדן אונטערזוכן. דערביי מוזן אַלע אַראָפּ פֿון די טראָקס. אַ סך שלאָפֿן, און איבערוועקן זיי, קאָן, ביי זייער אומרואיק געמיט, אַרויסרופֿן אַ בהלה, וואָס קאָן זיך אַמאָל, ווען סאָל־דאַטן שטייען מיט אויסגעשטעלטע ביקסן, נישט גוט ענדיקן.

אַלס איינע פֿון די פֿירער פֿון אונזער עשאַלאָן, וועלכע רעדט נאָך דערצו ענגליש מיט אַן אַמעריקאַנער אַקצענט, האָב איך דעריבער זיך אָנגערופֿן צו דעם קאָמאַנדירנדן פּאָליס:

— זיי וועלן דיך נישט פאַרשטיין וואָס דו ווילסט פון זיי, און זיי קאָנען אַמאָל נישט דערפילן דיין פאַרלאַנג. דעריבער איז גלייכער, אַז דו זאָלסט מיר געבן די אָרדערס און איך וועל שוין זען, אַז אַלץ זאָל זיין אין בעסטן אָרדענונג.

דער קאָמאַנדיר האָט מסכים געווען.

איך האָב דעריבער דערקלערט מיין עולם:

— שרעקט אייך נישט, גייט אַלע אַראָפּ פון די טראָקס און לאָזט אייך רעווידירן.

דעם אמת געזאָגט, האָבן זיי זיך גאָרנישט געשראָקן, ווייל זיי זיינען שוין צוגעוואוינט געווען צו אַזעלכע פּראָצעדורן, און אויב מען האָט עפּעס געדאַרפט מבער זיין, האָבן זיי אויך געוואוסט ווי אַזוי מען טוט עס. דער איינציקער, וואָס האָט זיך יאָ געשראָקן, בין איך געווען, ווייל איך האָב נישט געוואוסט וואָס די פּאָליס צילט מיט איר אָפּשטעלן אונז און מיט דער פּערזענלעכער רעוויזיע.

די רעוויזיע איז דורך בשלום, אָבער די איינציקע פאַרוואונדע־רונג האָט ביי זיי אַרויסגערופן דער פאַקט, וואָס דער עולם האָט געפירט מיט זיך אַ מאַסע סיגאַרעטן.

— פאַרוואָס האָבן זיי עפּעס מיט זיך אַזויפיל סיגאַרעטן? — האָט ער מיך געפרעגט.

— זיי אַרבעטן, קריגן זיי אַ סך סיגאַרעטן — האָב איך געענט־פערט — און לויט דעם יקרות אויף סיגאַרעטן האַלטן זיי עס זייער טייער און זאַמלען עס זיך אָן אין גרויסע קוואַנטומס.

דער תירוץ איז אָנגענומען געוואָרן.

געזען, אַז די ערלים כאַפּן זיך אויף גאָרנישט און פאַרשטייען נישט, אַז דוקא די גרויסע צאָל סיגאַרעטן איז אַ סימן, אַז די חברה קלייבן זיך אין אַ לענגערן וועג, ווי מיר האָבן אָנגעגעבן, בין איך שוין געוואָרן ביי מיר פעסטער, און כ׳האָב געפרעגט וואָס עס איז געווען די סיבה וואָס מען האָט אונז אָפּגעהאַלטן. כ׳האָב אויך געפרעגט צי מען זוכט נישט ביי אונז עפּעס אַ באַשטימטע זאַך, און אויב אַזוי,

מיט וואָס זיינען מיר גאַראַנטירט, אַז נאָכדעם ווי מיר וועלן פון דאַנען אָפּפאָרן, וועט אַביסל שפּעטער, זאָגן מיר, אין אַ שעה אַרום, אַן אַנדער מיליטערישער פּאַטרול, אונז נישט ווידער פאַרהאַלטן און שטערן אונזער רייזע.

צי דער מיליטערישער קאָמאַנדיר האָט טאַקע נישט געוואוסט וואָס מיר צו ענטפערן, אָדער ער האָט נישט געוואָלט, אָבער זיין ענטפער איז געווען, אַז ער ווייסט נישט און אַז דאָס איינציקע וואָס ער וויים איז, אַז ער האָט געקראָגן אַן אָרדער אָפּצושטעלן עשאַלאָנען, וואָס פאָרן איצט אויף די וועגן.

דאָ האָב איך גענומען טענה׳ן צו אים, אַז וויבאַלד ער האָט גאָר־נישט געפונען קיין שום טריפה׳נע זאַך ביי אונז, טאָ ווי קאָן ער לאָזן שטערן אונזער רו ?. דעריבער וויל איך פון אים אַ פּאַפּיר, אַז ער האָט אונז רעווידירט און געפונען ביי אונז אַלץ כשר, כדי טאָמער וועלן מיר אַביסל שפּעטער, אין וועג, ווידער אָפּגעשטעלט ווערן, זאָלן מיר קאָנען זיך באַנוצן מיט זיין פּאַפּיר און נישט ווערן געשטערט אין דער רייזע.

דער קאָמאַנדיר האָט מיר געגעבן אַ צעטל, אַז ער האָט רעווי־דירט אַזויפיל און אַזויפיל טראָקס מיט אַ סטעף־קאַר (אַ געוויינלעכער אויטאָמאָביל, וואָס איז געפאָרן אין דער שפּיץ פון טראַנספּאָרט, און אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די אָנפירער פון טראַנספּאָרט) און אַז זיי האָבן אַ פרייען דורכפאָר.

האָבן מיר שוין, הייסט עס, אַ כתב, אָבער ערשט איצט ווערט ביי אונז אַ גרויסע פראַגע וואָס מיר זאָלן ווייטער טאָן. צי זאָלן מיר פאָרן ווייטער אָדער נישט, וואָרום וויבאַלד, אַז עס איז דאָ אַ העכע־רער אָרדער צו רעווידירן די טראָקס, איז דאָך אַ סימן, אַז עפּעס זוכט מען, אַז עפּעס איז געוואָרן פאַרדעכטיק. געוויינלעך האָט עס געהייסן פאַר דער מיליטערישער מאַכט, אַז מיר זיינען לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, וועלכע מען פירט איבער פון איין פּלאַץ צום אַנדערן אין די אָקופּירטע דייטשע געביטן.

## „מר. בריחה״ דער הויפּט מנהל

אונזער גאַנצער טראַנספּאָרט ווערט אָנגעפירט פון איין מאַן וועמענס נאָמען מיר ווייסן נישט. ער הייסט „מר. בריחה״ („בריחה״ איז דער טייטש „אַנטלויפן״). ער דאַרף דאָס דעצידירן וואָס מיר זאָלן ווייטער טאָן, צי מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן אין איצטיקן מאָמענט פון אונזער רייזע, אָדער מיר זאָלן מיט איר ווייטער אָנגיין. זיין באַשלוס איז געווען, אַז מיר פאָרן ווייטער.

דער ערשטער טייל פון דער גאַנצער אונטערנעמונג האָט זיך געענדיקט ביי אַ זאָנע־גרענעץ. דאָרט איז שוין געשטאַנען אַ פּערזאָן, וואָס האָט געדאַרפט זיכערן אונזער דורכפאָר. קיינער פון אונז, אויסער „מר. בריחה״ האָט נישט געקענט יענע פּערזאָן. ווען ער האָט אים דערזען, האָט ער געזאָגט, אַז „ס׳איז גוט, מ׳קאָן ווייטער פאָרן״.

אונזער פרייד איז געווען אויסערגעוויינלעך; איבערגעקומען דעם ערשטן חלק פון דער ריזיקאַלישער אונטערנעמונג.

מיר האָבן זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין. מיר זיינען געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט. די גאַנצע צייט האָבן מיר אין דער „סטעף קאַר״ געדאַרפט זיצן מיט אויסגעדרייטע קעפּ, ווייל געוויינלעך זיינען מיר געפאָרן אין דער שפּיץ פון טראַנספּאָרט, אָבער מיר האָבן געמוזט היטן צי אַלע טראָקס גייען מיט אונז, צי אַ טראָק רייסט זיך נישט אָפּ, צוליב וועלכער ס׳איז סיבה. זיינען מיר אַזוי געזעסן אין אויטאָמאָביל מיט די אויסגדרייטע קעפּ צום טראַנספּאָרט און געהאַלטן אין איין ציילן, ווייל טאָמער וואָלט עפּעס געשען מיט אַ טראָק, וואָלטן מיר געדאַרפט אָפּשטעלן אונזער גאַנצן עשאַלאָן.

## די מסירה

צוליב נאַטירלעכע סיבות האָבן מיר אין משך פון אונזערע נאַכט־רייזעס זיך אויף אייניקע מאָל אָפּגעשטעלט אין מיטן וועג, און איך פלעג אַרומגיין אַרום די טראָקס און אויספרעגן דעם עולם ווי ער פילט. די ענטפערט זיינען בכלל געווען גוטע. קיינער האָט נישט

געהאַט קיין שום טענות. אַלץ איז געווען אין בעסטן אָרדענונג. אינ־טערעסאַנט, אַז אין דער צייט וואָס יעדער איינער פון די וואַנדערער איז פּערזענלעך געווען זייער עגאָאיסטיש און זעלבסטזיכטיק, איז ער אָבער אין אַנגעזיכט פון דער געמיינזאַמקייט, און אין די אינטע־רעסן פון כלל, געוואָרן געוואַלדיק צוגעלאָזן, פרייגיביק און גרייט צו קרבנות. מ׳איז געלעגן צוזאַמענגעדריקט און נישט געהאַט קיין טענות צו קיינעם. מ׳איז געשטאַנען ממש אויף די שפּיץ־פינגער און דאָך נישט געמאַכט קיין פאָרוואורפן. דער געפיל, אַז די מינדסטע טענה קאָן שטערן דעם גאַנג פון דער אונטערנעמונג, האָט אַנטוואָפנט פון וועלכע ס׳איז טענות.

אין דער פרי זיינען מיר אָנגעקומען אין באַשטימטן פּלאַץ, וואו מיר זיינען שוין דערוואַרט געוואָרן. דאָרט האָט אונז אָפּגעוואַרט אַ מאָטאָרציקליסט, אויך איינער פון אונזערע בחורים, און אונז דער־קלערט פאַרוואָס מ׳האָט אונז פאַרהאַלטן אויפן וועג.

ווי שוין פריער געזאָגט, האָט אונזער טראַנספּאָרט געזאָלט באַ־שטיין פון דריי עשאַלאָנען. איינער פון די דריי איז גע׳מסור׳ט גע־וואָרן צו דער מיליטערישער פּאָליציי. ווען דער דאָזיקער עשאַלאָן האָט געדאַרפט אַרויסגיין פון אַ געוויסן פּונקט, האָט מען געזען, אַז דער פּונקט איז אַרומגערינגלט מיט פּאָליס. דער מפקד (פירער) פון עשאַ־לאָן האָט באַלד אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז דער עולם זאָל זיך אויפן פריער באַשטימטן פּלאַץ נישט אַריינזעצן אין די טראָקס. מען האָט אַלעמען תיכף באַזאָרגט דורך אַן אַנדער קאָמוניקאַציע־מיטל און אַזוי־נאָך האָבן זיי אויסגעמידן די אויגן פון דער פּאָליס.

איצט קומט אין דער געשיכטע דער עשאַלאָן מיט וועלכן מיר זיינען געפאָרן. די פּאָליציי האָט דאָך געזוכט אַזאַ עשאַלאָן. ווען אונ־זער עשאַלאָן איז זיי געקומען אין וועג, האָבן זיי געמיינט, אַז דאָס איז דער געזוכטער עשאַלאָן, האָבן זיי אויפן גרונט פון אונזערע ענטפערס און אויף די דאָקומענטן, וועלכע מיר האָבן זיי געוויזן, איינגעזען, אַז מיר זיינען נישט דער עשאַלאָן, וועלכן זיי זוכן און דעריבער האָבן זיי אונז באַפרייט.

די חברה פון גע׳מסור׳טן עשאַלאָן זיינען דערווייל אויך אָנגע־קומען צום באַשטימטן פונקט און איצט זיינען מיר שוין אַלע דריי געווען פאַראייניקט. איצט איז שוין געפאָרן דער גאַנצער טראַנספּאָרט צוזאַמען.

ווען מיר זיינען אין דער פרי אָנגעקומען אין דעם באַשטימטן פונקט, איז שוין דאָרט געווען צוגעגרייט וואו מיר זאָלן זיך אַרומ־וואַשן. ס׳איז געווען צוגעגרייט עסן און פּלעצער וואו צו רוען דורכן טאָג, ווארום ס׳איז געווען באַשלאָסן, אַז אַ גאַנצן טאָג זאָלן מיר גאָרנישט טאָן, נאָר רוען און זיך צוגרייטן צו אונזער ווייטערדיקער רייזע. דאָס „פאָלק" האָט טאַקע גאָרנישט געטאָן, אָבער די „מפקדים" (פירער) האָבן געדאַרפט צוגרייטן געוויסע „פּאַפּירן", און דאָס איז גע־ווען נישט קיין לייכטע אַרבעט, אָבער ביז ביינאַכט האָבן אַלע שוין געהאַט זייערע נייטיקע פּאַפּירן...

צווישן עולם איז געווען פאַרהעלטניסמעסיק אַ גאַנץ גרויסע גרופּע גאָר יונגע פרומע בחורים און מיידלעך. עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער עולם איז געווען אייליק צו שטילן זיין הונגער, און אַזוי ווי מען האָט זיך נאָר אַביסל אַרומגעוואַשן, האָט מען זיך געכאַפּט עסן. אָבער די גרופּע פרומע יונגעלייט האָט, נאָכן אַרומוואַשן זיך, קודם כל זיך געשטעלט דאַווענען אויפן אָפענעם פעלד וואו דער טראַנספּאָרט האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט. אַזוי ווי מען האָט מיט זיך געהאַט זייער ווייניק טליתים און תפילין, זיינען די פאַראַנענע אייניקע מאָל איבערגעגאַנגען פון איין מתפלל צום אַנדערן. די גאַנצע צייט האָט דער פרומער עולם רואיק געוואַרט און זיך פריער נישט צוגערירט צום עסן.

## קיין „באַליוויע"

ס׳איז געווען אַרום 10 ביינאַכט ווען דער גאַנצער טראַנספּאָרט האָט זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין. אויסער אונזער ליכט פון די טראָקס איז געווען שטאָק־פינצטער. מיר זיינען געפאָרן אין אַ

געגנט ווי דער וועג פון דער קאָלאָניע מוצא קיין ירושלים, אַ גע־דרייטער וועג, און די דריי עשאַלאָנען האָבן אויסגעזען ווי אַ קייט, וואָס דרייט זיך און קייטלט זיך.

די רייזע וואָלט אפשר געווען צו מאַנאַטאַן ווען ס׳פּאַסירט נישט אַן אומגליק מיט אַ דרייווער. ער האָט געהאַט מיט זיך קאָנסערווירט פלייש, וואָס ער האָט געהאַלטן נעבן מאָטאָר, און אַ פּנים, אַז ס׳איז דאָרט קאַליע געוואָרן, האָט ער נאָכן עסן עס באַקומען שרעקלעכע יסורים און האָט פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט פירן דעם טראָק. קיין אָפּהאַלט אין דער רייזע איז עס אָבער נישט געווען. מען האָט תיכף אָפּגעזוכט אַן אַנדערן דרייווער און דעם קראַנקן האָבן מיר מיטגענומען מיט זיך כדי אים צו ברענגען צו אַ דאָקטאָר.

מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ שטאָט. דאָרט האָט אונז אָפּגע־וואַרט דער אָרטיקער „מר. בריחה״, אַ געוויסער אפרים, וועלכער שטאַמט פון שערפּץ, פּוילן. מען האָט באַלד דערקענט, אַז אויף דעם בחור קאָן מען זיך פאַרלאָזן, אַז ער האָט אַלץ אין זיינע הענט. ער האָט איבעראַראַנזשירט די גרופּירונגען און געגעבן אָרדערס צו די גרופּן־פירער.

אַלע פאָרן קיין באָליוויע, דרום־אַמעריקע, מיט די בייטיקע וויזעס. מען האָט צוגעגרייט פאַר זיי אַ צוג, אַ ספּעציעלן צוג, וואָס פירט זיי צו אַ פּאָרט־שטאָט פון וואו זיי וועלן זיך אויפזעצן אויף אַ שיף קיין „באָליוויע״.

דער גאַנצער עולם איז תיכף צוגעפאָרן צום צוג. באַלד איז אָנ־געקומען פאַר זיי אַ טראָק מיט עסן. פון אַן אָפיציעלער אינסטאַנץ האָט מען געבראַכט קאַווע און קוכן און מען האָט עס אַלעמען אויס־געטיילט.

אַרום 1 נאָכמיטאָג איז אָנגעקומען די באַן. דער עולם איז באַלד אַריין אין די וואַגאָנען. איך האָב דורכשפּאַצירט די וואַגאָנען. ערשט איצט האָט דער עולם זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס מיט מיר און אַ סך פון זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן מיך געהערט ווען איך בין אויפגעטראָטן ביי זיי אין קעמפּ. איצט איז אַראָפּגענומען געוואָרן

די אָפיציעלקייט מיט וועלכער מיר האָבן זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט פון דער רייזע, ווייל באַלד געזעגענען מיר זיך. מיר פאָרן צוריק אין די באַזעצטע דייטשע געביטן און זיי לאָזן זיך צו אַ פאָרט־שטאָט, וואָס איז די לעצטע גרענעץ אויפן וועג צו זייער „עליה ב״.

די עולים האָבן זיך אויסגעדריקט מיט באַגייסטערונג פאַר דער אָרגאַנזשירונג פון זייער רייזע.

— אויב מיט אַזאַ באַקוועמלעכקייט און אויפמערקזאַמקייט פאָרט די עליה ב, טאָ וואָס איז נאָך עליה א? — האָבן זיי געפרעגט מיט באַוואונדערונג.

מען דאַרף געדענקען פון ווען דער דאָזיקער עלעמענט איז באַשטאַנען, צו וועלכן אָרט לעבן זיי זיינען שוין געוואוינט געוואָרן אין די קריגס־יאָרן און אַפילו נאָך דער מלחמה. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מען האָט זיי אַרויסגעוויזן אַזאַ זאָרגפעלטיקייט נאָך דעם גרויסן אומגליק, וואָס די מלחמה האָט געבראַכט צו אונזער פאָלק.

אָבער נאָך פריער ווי מיר האָבן אַריינגעזעצט די עולים אין דער באַן, האָבן מיר קודם כל צוריקגעשיקט די טראָקס, אַז עס זאָל נישט זיין קיין צייכן וואָס עס איז דאָ געווען.

און אַז דאָס איז געווען אַ קלוגער שריט, האָבן מיר זיך באַלד איבערצייגט, ווארום קורץ נאָכדעם ווי די טראָקס זיינען אַוועקגעפאָרן צוריק פון וואַנען זיי זיינען געקומען, איז געקומען פאָליציי נאָכפרעגן אויף די טראָקס, און ווען מען טרעפט זיי, וואָלט מען אפשר געקאָנט קומען אויף געוויסע שפורן, וואָס וואָלט נישט געווען געוואונטשן. סיי ווי סיי האָבן די טראַנספּאָרטן אויף אָט דער ליניע געמוזט אָפּ־געשטעלט ווערן. עס איז דאָ געוואָרן „צו הייס״, און די ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן פון דער „עליה ב״ האָבן געמוזט נעמען אַנדערע ״ראודס״. דאָס איז אַן אָפטע פּאַסירונג, און מען מוז אָפט ענדערן די וועגן... די וועלכע פירן אָן מיט דער אונטערנעמונג זיינען דערצו צוגעגרייט.

מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די טראָקס און זיינען צוריקגע־פאָרן בשלום פון וואַנען מיר זיינען געקומען.

עמא שייוער

# ביי דער „הגנה"

צוריקגעקומען, האָב איך דערהאַלטן אַן איינלאַדונג אויפצוטרעטן פאַר אַ גרופּע פון צוואַנציק פּערזאָן. עס איז נאַטירלעך צופיל אָנשטרענגונג צו צופאָרן צו אַ פּלאַץ צו זינגען נאָר פאַר צוואַנציק מענטשן. אָבער נישט שטענדיק איז די קוואַנטיטעט דאָס וויכטיקסטע, אַמאָל שפּילט אַ גרעסערע ראָלע די קוואַליטעט, און דאָס מאָל איז עס טאַקע אַזוי געווען:

די צוואַנציק יונגעלייט זיינען געווען אַ גרופּע, וואָס האָבן נאָר וואָס פאַרענדיקט אַ קורס אין דער „הגנה".

איך האָב געוואוסט, אַז דעם חבר, וואָס האָט מיר געמאַכט דעם פאָרשלאָג, זאָגט מען נישט אָפּ. ווי ער הייסט, האָב איך נישט געוואוסט און האָב נישט געפרעגט. איך האָב אויך נישט געפרעגט וואוהין מיר פאָרן. עס איז מיר געווען אַלץ איינס. מיר איז נאָר געווען וויכטיק, אַז איך וועל האָבן די זכיה אויפצוטרעטן פאַר אַ גרופּע פון אונזערע העלדן, פאַר די וועלכע זיינען זיך מקריב אַרויסצוראַטעווען פון גהינום וואָס מער פון אונזערע שוועסטער און ברידער און זיי ברענגען אין געגאַרטן לאַנד, איינשטעלנדיק דערביי זייער לעבן. איך האָב געהאַט אַ רעכט מיטצונעמען דעם אַקאָרדיאָן־באַגלייטער. מיר זיינען געפאָרן 350 קילאָמעטער צו אַ געוויסער פאַרם. דאָרט איז עס געפראַוועט געוואָרן דער סיום מיט אַ סעודה. עס זיינען אויך געקומען שכנים פון די אַרומיקע פאַרמס. די סעודה איז פון גאַסטראָנאָמישן שטאַנדפּונקט געווען זייער אַן איינפאַכע. די בחורים האָט מען צווישן אַנדערע לימודים אויך געלערנט דאָס יידיש־אַראַבישע לעבן אין ארץ־ישראל און ענלעכע זאַכן, וואָס קאָנען זיי צונוץ קומען אויפן אָרט און שטעל. דאָס זיינען געווען אויסגעהאַמערטע און פעסטע יונגעלייט איינער ווי דער אַנדערער. איך האָב פאַר זיי געזונגען. זיי אַליין האָבן זיך אונטערהאַלטן מיט מעשה׳לעך, און האָבן געזונגען זייערע לידער, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט פון זייערע היימען.

איך האָב אָבער נישט געוואוסט מיט וואָס פאַראַ טייערן לוין איך וועל באַלוינט ווערן פאַר מיין זינגען. איך וואָלט קיינמאָל נישט גע־חלומ׳ט, אַז איך וועל האָבן די זכיה דערצו.

נאָך דער סעודה, האָט דער חבר, וואָס האָט מיך פאַרבעטן, מיר געזאָגט, אַז דער אַקאָרדיאָניסט בלייבט דאָ, אָבער איך זאָל זיין גרייט אַרום 11 ביינאַכט מיט אים ערגעץ וואו צו גיין.

„וואו״? — ניין, דאָס פרעגט מען נישט. אָבער נייגעריק בין איך פאָרט געווען, און אויך איז עס מיר געוואָרן מאָדנע, וואָס נאָר איך אַליין, אָן מיין אַקאָמפּאַניאַטאָר, און איך האָב אים דאָס געפרעגט. דערויף האָט ער מיר געענטפערט:

— אויב איר זענט נייגעריק, קאָן איך אייך זאָגן וואוהין מיר מיר וועלן גיין.

— ניין, זאָגט נישט — האָב איך געענטפערט.

אַרום 11 ביינאַכט זיינען מיר אַרויס אויף אַ זייטיקן וועג. עס איז געווען אַ פינצטערע נאַכט. מ׳האָט נישט געזען, ווי מען דריקט זיך אויס, די אייגענע נאָז. מען האָט נאָר געקאָנט פילן, אַז עס גייט איינער נעבן דיר. מיר זיינען געגאַנגען לאַנגזאַם, אָבער נישט גערעדט צווישן זיך.

פּלוצלינג זיינען פון אַ זייטיקן וועג ווי אַרויסגעשפּרונגען צוויי בחורים. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך העברעאיש. זיי האָבן געטראָגן זייגערלעך מיט ראַדיום־ווייזערלעך, אַזוי, אַז זיי האָבן געקאָנט אין דער פינצטער זען ווי שפּעט עס איז. זיי האָבן טאַקע אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און זיינען פאַרשוואונדן.

מיר ביידע, איך און מיין פירער־באַגלייטער, האָבן גענומען ווייטער גיין. כ׳האָב געפילט, אַז מיר זיינען אַריין אין אַ שטח, וואו עס זיינען דאָ ביימער. מיר זיינען נאָכגעגאַנגען איינער דעם אַנדערן ווי עס גייען נאָך בלינדע זייערע הינט. ווידער זיינען אַרויסגעשפּרונגען די צוויי בחורים. זיי האָבן זיך דורכגעשמועסט מיט מיין באַגלייטער. ווידער האָבן זיי געקוקט אויף די זייגערס און זיינען פאַרשוואונדן. דאָס מאָל האָט זיך מיין באַגלייטער אויפגעהויבן און איז אַוועק אי־

בערלאָזנדיק מיך אַליין אין דער פינצטער אויף דעם אומבאַקאַנטן וועג. עס האָט טאַקע גענומען נאָר עטלעכע מינוט, אָבער אויסגעזען האָט עס ביי מיר ווי אַן אייביקייט.

מיין באַגלייטער איז ענדלעך צוריקגעקומען און מיר האָבן גענומען ווייטער גיין. איך האָב געפילט, אַז מיר גייען נישט, נאָר מיר קריכן ערגעץ וואו אין דער הייך, און טאַקע באַלד דערויף זיינען מיר פּלוצלינג אַרויסגעקומען אויף אַ פּלאַץ. דאָ איז פּלוצלינג געוואָרן ליכטיק, צוויי פּאַקלען, ברענענדיקע, זיינען געווען אַריינגעשטעלט אין צוויי ביימער. צווישן זיי האָט געפלאַטערט די יידישע בלוי־ווייסע פאָן.

הינטער אַ בוים איז געשטאַנען אַ טישל אויף וועלכן ס׳איז געלעגן אַ תנ״ך. נעבן טישל איז געשטאַנען אַ בחור. קעגנאיבער דעם טישל זיינען געשטאַנען די צוואַנציק בחורים פּאַר וועלכע איך האָב, פריער מיט עטלעכע שעה צוריק, געזונגען אויף אַ פּאַרם.

מיין באַגלייטער איז געווען דער אָנפירער פון דער גאַנצער צערעמאָניע, וואָס איז דאָ באַלד געפּראַוועט געוואָרן. די אַנדערע צוויי בחורים, וואָס זיינען מיט אונז מיטגעקומען, האָבן זיך צוריקגעצויגן אין הינטערגרונט.

די צערעמאָניע איז פאָרגעקומען אויפן פאָלגנדיקן אופן: דער אָנפירער האָט אויסגערופן אַ נאָמען, געוויינלעך אַן אַ פאַמיליע־נאָמען, בלויז דעם ערשטן נאָמען און פאָטערס נאָמען, אַ שטייגער דוד בן בנימין, און דער אַרויסגערופענער איז אַרויס פון דער גרופּע פון די צוואַנציק, האָט געמאַכט עטלעכע מיליטערישע טריט, איז צוגעגאַנגען צום טישל, האָט אַרויפגעלייגט די רעכט האַנט אויפן תנ״ך און איבערגעליינעט אַ געוויסן דאָקומענט אויף יידיש. טייל פון די יונגעלייט איז געווען שווער צו לייענען דעם יידישן טעקסט, זיינען זיי אַרויסגעהאָלפן געוואָרן פון דעם בחור, וואָס איז געשטאַנען נעבן טישל. געווען אפילו איינער, וואָס האָט געטראָגן אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ, אָבער גראָד ער האָט קיין וואָרט יידיש נישט געקאָנט לייענען. יעדער איינער האָט, כמעט ווי מען זאָגט קדיש מיט אַ יתום ביים קבר, נאָכגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט אַ שבועה און דערנאָך געגעבן די האַנט מיין

באַגלייטער. אָפּגעזאָגט די שבועה, האָט דער באַטרעפנדער זיך צו־ריקגעקערט צו דער גרופּע. אַזוי האָט יעדער איינער פון דער גרופּע געטאָן, און נאָכדעם ווי אַלע האָבן פאַרענדיקט די צערעמאָניע, זיינען זיי אָן אַ וואָרט צו זאָגן, אַוועק. מען האָט אַרויסגענומען די פאַקלען פון צווישן די ביימער און די גאַנצע געשיכטע האָט זיך געענדיקט ווי אַ חלום. דאָס טישל איז געלאָזט געוואָרן צום לעצט. געבליבן זיינען אויך דער אָנפירער און די צוויי בחורים, וואָס האָבן אונז אָפּ־געוואָרט אין וועג. מיר האָט קיינער פון זיי גאָרנישט געזאָגט. אויך איך האָב זיי גאָרנישט געזאָגט, ווייל איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף גאָרנישט ריידן, אויסערדעם בין איך געווען געוואַלדיק עמאָציאָנירט פון דער גאַנצער סצענע, און האָב פּשוט נישט געפונען קיין ווערטער ווי אַזוי אויסצודריקן מיינע געפילן. איך האָב נאָר געוואוסט, אַז איך האָב איבערגעלעבט עפּעס אויסערגעוויינלעכעס אין מיין לעבן, וואָס נישט יעדער איז זוכה און וואָס איך האָב קיינמאָל נישט דערוואַרט, אַז איך וועל עס זען.

דאָ האָבן דאָך צוואַנציק קינדער פון אונזער פאָלק געגעבן זייער שבועה, אַז אויף לעבן און טויט האָבן זיי זיך פאַרבונדן מיט די פאָלקס־אינטערעסן, מיט זייער פאָלק, מיט זייער לאַנד, און קיין שום זאַך אין דער וועלט קאָן זיי מער נישט אָפּהאַלטן צו דערפילן און אויספירן די אויפגאַבן פון דער „הגנה".

מיר זיינען צוריקגעגאַנגען ווידער אַזוי אין דער פינצטער, און ווידער אָן שום רייד, און ווען מיר זיינען צוריקגעקומען צום אָרט, וואו די סעודה איז פריער געפּראַוועט געוואָרן, זיינען די צוואַנציק בחורים שוין דאָרט געווען. קיינער האָט גאָרנישט גערעדט וועגן דעם וואָס עס איז נאָר וואָס פאָרגעקומען אויף אַ געוויסן פּלאַץ און אונטער געהיימניספולע באַדינגונגען. מען האָט געטאַנצט אַ האָראַ, דעם טאַנץ פון די חלוצים אין ארץ-ישראל, אין וועמענס לעבן מען האָט זיך איינגעשריבן מיט דעם סאַמע הייליקסטן און טייערסטן, וואָס אַ מענטש באַזיצט — מיט דעם אייגענעם לעבן.

אַ גאַנצע נאַכט זיינען מיר צוריקגעפאָרן קיין מינכען. די נאַכט האָט ביי מיר אויסגעזען ווי אַ גאַנץ לעבן. איך בין געזעסן אין אויטאָ־מאָביל, אָבער איך האָב נאָך אַמאָל איבערגעלעבט דעם געהיימניספולן גאַנג, די גאַנצע צערעמאָניע. איך האָב געזען די אַנטשלאָסענע אויגן פון די יונגעלייט, איך האָב געפילט זייער אָטעם, זייער האַרץ־קלאַפּן. יעדע מינוט האָט זיך געשטעלט פאַר מיינע אויגן אַן אַנדערער פון אָט די צוואַנציק פאָלקס־דינער. איך האָב נישט געקאָנט שלאָפן כאָטש איך בין געווען זייער מיד.

איך בין געווען איבערגליקלעך וואָס מען האָט מיר געגעבן אַזאַ מעגלעכקייט דאָס צו זען.

# אַלערליי פליכטלינגע

עטלעכע טעג האָב איך גערוט. ערשט דעם 12טן אויגוסט האָב איך ווידער באַנייט מיינע קאָנצערטן. מיין ערשטער אויפטריט איז געווען אין רעגענסבורג, אין זאַל פון אָרטיקן אוניווערזיטעט. אַ גרויסע געביידע פון 12טן יאָרהונדערט. דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט אייב קאָהען, אַ לאַנדסמאַן פון דעטראָיט, אַ פירער פון די יונגע „פועלי ציון״, וואָס האָט אָנגענומען צו אַרבעטן פאַרן „דזשאָינט״. דאָרט האָב איך אויך געטראָפן דזשאָו לעווין פון ניו־יאָרק, וואָס איז דאָ געוואָרן זייער אַ וואַרעמער ייד. ליידער איז אין זאַל נישט געווען גענוג פּלאַץ פאַר אַלע, וואָס האָבן געוואָלט הערן דעם קאָנצערט און איך האָב צוגעזאָגט צו קומען צו אַ צווייטן קאָנצערט דעם 9טן סעפּטעמבער, וואָס זאָל דעמאָלט שוין איינגעאָרדנט ווערן אין אָפּערע־הויז, וואו אַלע יידן פון שטאָט זאָלן קאָנען אַריינקומען.

דעם 14־טן און 15־טן אויגוסט איז מיר אויסגעקומען צו געבן צוויי קאָנצערטן אין קעמפּ פאַקינג. דאָ איז איינער פון די גרעסטע קעמפּס. די פליכטלינגע וואוינען דאָ אין זייער שלעכטע באַדינגונגען, מערסטענס אין באַראַקן. דער עולם באַשטייט פון אונגאַרישע יידן, אַ סך פרומע. אויסער וואָס זיי ליידן פיזיש, ליידן דאָ אויך די יידישע

פליכטלינגען מאָראַליש. אין שכנות געפינט זיך אַ קעמפּ פון גוי׳אישע אונגאַרן, דיפּיניקעס, וואָס זיינען אייגנטלעך געווען קאָלאַבאָריסטן מיט היטלערן און האָבן מורא איצט צוריקצופאָרן קיין אונגאַרן. פאַראַן יידן, וואָס דערקענען אין מאַנכע פון זיי די מערדער פון זייערע משפּחות, אָדער אַזעלכע, וועלכע האָבן אַליין זיי אָנגעטאָן שרעקלעכע צרות. מען זעט נאָך איצט ביי די דאָזיקע אונגאַרישע כוליגאַנעס פאַרשידענע אַרטיקלען, וואָס זיי האָבן צוגעראַבעוועט אָדער צוגע׳גנב׳עט ביי יידן. און דאָס אומגליק איז, וואָס ביי דער וועלט זיינען די צוויי עלעמענטן; די באַנדיטן און די באַראַבעוועטע — גלייך, ביידע הייסן דיפּיניקעס, פליכטלינגע, געראַטעוועטע.

און טאָמער האָט נאָך געפעלט „טראָבל״, זיינען פּונקט יענעם טאָג אָנגעקומען נייע 1.250 יידישע פליכטלינגע. על פּי רוב אַנטלאָפענע פון פּוילן. דאָס איז געווען באַלד נאָך דעם שרעקלעכן קעלצער פּאָגראָם, ווען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין פּוילן איז באַפאַלן געוואָרן פון אַ היסטערישער שרעק, אַז מען דאַרף באַלד אַנטלויפן פון פּוילן. די געקומענע זיינען אַלע געווען אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד. זייערע אויפגערייצטע געמיטער האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די וועלכע האָבן זיך שוין פון פריער געפונען אין דעם קעמפּ.

דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין אַ באַראַק. עס האָבן געקאָנט אַריין נאָר 1.500 מענטשן. געקומען זיינען אָבער אַ סך מער און זיי האָבן גאָרנישט געוואָלט וויסן דערפון, אַז עס איז מער נישטאָ קיין פּלאַץ. באַצאָלט פאַרן קאָנצערט האָט מען נישט גענומען, אָבער נישט יעדן האָט מען אַריינגעלאָזט. מען האָט צעטיילט בילעטן צווישן די, וועלכע אַרבעטן. די וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַריין אינעווייניק, האָבן זיך אָבער נישט געקאָנט באַרואיקן, זיי זיינען נישט אָפּגעטראָטן פון באַראַק און געקלאַפּט אין דרויסן, אַז מען זאָל זיי אַריינלאָזן. זיי זיינען נישט מיד געוואָרן דאָס צו טאָן אַ שטיק צייט פון קאָנצערט, און האָבן אַזוינאָך געשטערט די צוהערער אינעווייניק און אויך מיר, אָבער עס האָט זיי ניט געהאָלפן. מען האָט קיינעם מער נישט געקאָנט אַריינלאָזן.

אויפן ערשטן קאָנצערט האָט פּאַסירט אַ פּאַרפּאַל, וואָס האָט מיך עפּעס אויסגעלערנט. צו די קאָנצערטן פלעגן קומען אויך נישט־יידן, באַזונדערס פון די רעגירונגס־אָנגעשטעלטע, צווישן זיי אויך שוואַרצע, וואָס זיינען מיטגעקומען מיט דער אַמעריקאַנער אַרמיי. אין מיין פּראָג־ראַם, כאָטש ער איז באַשטאַנען נאָר פון יידישע און העברעאישע לידער, פלעג איך אויך זינגען אין ענגליש אַ ספּיריטשועל נעגער־ליד מחמת דער אינטימיטעט, וואָס די לידער האָבן מיט יידישע לידער. געוויינלעך דערקלער איך פריער אין יידיש דעם אינהאַלט פון ליד, אַז אַלע זאָלן פאַרשטיין, וואָס איך זינג. צווישן די אַמעריקאַנער סאָל־דאַטן־באַזוכער האָב איך אויך באַמערקט אַ שוואַרצן, וועלכער איז די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב געזונגען די יידישע און העברעאישע לידער, געווען ווי צוגעשמידט. אָבער ווען כ׳האָב גענומען זינגען דאָס ענגלישע נעגער־ליד, איז ער געוואָרן אומגעדולדיק, האָט זיך גענומען דרייען, און ס׳האָט אויסגעזען, אַז ער איז אומצופרידן. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט איז ער נישט געווען אומצופרידן פון מיין זינגען דאָס ליד, נאָר ער איז געווען באַאומרואיקט פון מיין ריידן איי־דער איך האָב גענומען זינגען. אין זיין אינפּיריאָריטי קאָמפּלעקס האָט ער אַ פּנים געמיינט, אַז איך לאַך אָפּ פון זיי. דאָס האָט מיך געלערנט, אַז אין דער צוקונפט זאָל איך, איידער איך גיי זינגען אַן ענגליש ליד, מאַכן געוויסע דערקלערונגען אויך אין ענגליש.

דער צווייטער קאָנצערט צומאָרגענס איז געווען נאָך פייערלעכער, און נאָכן קאָנצערט בין איך אַריין צווישן עולם. אַן אַלטער מאַן איז צו מיר צוגעקומען. ער האָט מיר געדאַנקט און גענומען ריידן וועגן מיין אַרט זינגען כל נדרי. ער האָט געהערט אין רוסלאַנד זינגען קוסע־וויצקין כל נדרי. דערנאָך זאָגט ער:

— איר דערמאָנט מיר אַזוי שטאַרק אָן מיין ווייב. איר זעט אויס אַזוי ווי זי — און ער רעדט ווייטער מיט אַ טרויעריקע שטימע — זי איז געווען אַ דאָקטאָרשע. זי איז געווען אַ וואונדערבאַרער מענטש.

ער איז אַוועקגעגאַנגען און באַלד ווידער צוריק געקומען:

— איך בין 32 יאָר געווען אַ דאָקטאָר. איך האָב געמאַכט טויזנטער אָפּעראַציעס, געראַטעוועט אַ סך מענטשלעכע לעבנס, אָבער זעט ווי איך אַליין זע אויס.

ער איז ווידער אַוועק און ווידער צוריקגעקומען:

— כ׳האָב איך געהערט צום צווייטן מאָל. נעכטן בין איך אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. כ׳וועל היינט אויך נישט שלאָפן.

כאָטש איך האָב זיין פּרוי קיינמאָל נישט געזען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך בין זיכער נישט געווען צו ענלעך צו זיין פרוי, אָבער אַזוי איז עס שוין פּסיכאָלאָגיש ביי אָט די אומגליקלעכע. זיי זוכן ענלעכקייטן, און עס דאַכט זיך זיי, אַז זיי געפינען זיי, און דעמאָלט ווערט זייער וואונד ווידער אינגאַנצן אויפגעדעקט און עס ווייטיקט אַזוי שטאַרק...

כ׳האָב נאָך געהאַט אַ קאָנצערט אין ניי פריימאַן און דערנאָך בין איך אַריינגעפאָרן אין די קעמפּס פון אולם דיסטריקט, אין די קעמפּס פון סעדאַן און הינדענבורג.

סעדאַן איז פריער געווען אַ קעמפּ, מיט צוריקגעקומענע, וואו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן פּאָליאַקן, פליכטלינגע אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געוואָלט, צוליב פּאָליטישע סיבות, צוריקפאָרן אַהיים קיין פוילן. איידער זיי האָבן פאָרט פאַרלאָזט דעם קעמפּ, האָבן זיי אויסגעדריקט זייער כעס אין דעם, וואָס זיי האָבן אַלץ אין קעמפּ צעשמעטערט. זיי האָבן געמאַכט אַ חורבה פון אַלץ. גענוג צו זאָגן, אַז איך האָב געמוזט אויפטרעטן אין אַ באַראַק, וואו די דיל איז געווען אַ זאַמדיקע. אַלע פענצטער אין באַראַק זיינען געווען אויסגעהאַקט, דער יידישער קעמפּ איז דאָ אינגאַנצן אַלט געווען 4 וואָכן. די פליכטלינגע זיינען געווען צוריקגעקומענע יידן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און פוילן. די באַראַקן אין וועלכע זיי האָבן געוואוינט זיינען געווען צעוואָרפן זייער ווייט איינער פון אַנדערן.

דאָ זיינען נאָך אַלע געווען פריש מיט זייערע איינדרוקן, און האָבן געזוכט מיט וועמען זיך צו טיילן זייערע איבערלעבונגען.



באָרוועס געקומען אין לאַגער



מיט איין פוס זיך דערשלעפּט אין לאַגער



די ערן־וואַך ביים ברודער־קבר

אָט באַקלאָגט זיך פאַר מיר אַ ייד, אַז ער האָט זיין פוס פאַרלאָרן נאָך אין ערשטן וועלט־קריג. אין דער איצטיקער מלחמה האָט ער פאַרלאָרן זיין גאַנצע משפחה. ער האָט דעריבער נישט קיינעם, וואָס זאָל אים העלפן, וואָס זאָל אים באַדינען, און ער מוז זיך אַליין, מיט זיין האָלצערנעם פוס צושלעפּן צו דער קיך מיטן קעסעלע, כדי צו קריגן זיין ביסעלע זופּ.

און אָט איז אַ גרופּע קינדער, וואָס זיינען שוין דריי חדשים אין וועג. זיי זיינען אין מאַי אַרויסגעפאָרן פון רוסלאַנד און ערשט אין יולי זיינען זיי אָנגעקומען אין דייטשלאַנד. זיי האָבן אין רוסלאַנד אויך ניט געהאַט צופיל אָנצוטאָן, אָבער עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז שלעפּנדיק זיך דריי חדשים אין וועג, גייענדיק מער ווי פאָרנדיק, האָבן זיי געמאַכט אַ סוף פון די צעריסענע שיך, וועלכע זיי האָבן ווי עס איז געטראָגן. דער רעזולטאַט, אַז דאָס קליינע קינד האָט נאָך, ווי עס איז, דאָ געקראָגן געשאָנקען אַ פּאָר שיכלעך, אָבער דאָס עלטערע מיידל און דער עלטערער בחור גייען באָרוועס.

אָדער נעמט די משפחה אַלטמאַרקאָון, וועלכע באַשטייט פון צוואַנציק נפשות און איז, אַ דאַנק גאָט, אינגאַנצן אָנגעקומען אַהער אין קעמפּ, אָבער אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן.

אומפאַרגלייכלעך ערגער איז דעם קיעווער רב׳ס זון, וועלכער איז שוין איצט אַ בחור פון 10 יאָר. משה׳לע, אַזוי הייסט ער, איז אַלט געווען צוויי יאָר ווען זיין פאָטער איז דורך די רוסן פאַר׳משפּט געוואָרן אויף 15 יאָר. אַזוי לאַנג האָט ער נישט אויסגעהאַלטן, ער איז אַ סך פריער געשטאָרבן אין סיביר. די מוטער זיינע איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס, ווען זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין אָדעס. אַ פּוילישער ייד, וואָס איז אַליין געווען נישט מער ווי „אַ גאַסט" אין רוסלאַנד, האָט „אַדאָפּטירט" משה׳לען, און ווען ער האָט זיך געלאָזט צוריק אין וועג אַריין קיין פּוילן, און פון דאָרט קיין דייטשלאַנד, אין די קעמפּס, האָט ער מיט זיך מיטגענומען „זיין" משה׳לען. משה׳לע איז קומענדיק אין קעמפּ אולם, באַלד אַריינגעטראָטן אין קינדער־לאַ־



משפחה אלטמארקאָן, באַשטייענד פון 20 נפשות, צוריקגעקומען פון סאָוועט־רוסלאַנד



משה׳לע דעם קיעווער רב׳ס לערנט ווידער גאָטס תורה

גער, און היינט לערנט ער שוין גמרא, אַ דאַנקן גאָט. ווען מ׳האָט אים געוואָלט פאָטאָגראַפירן, האָט ער זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים און גע־זאָגט: „מ׳דאַרף נישט פאָטאָגראַפירן, מ׳דאַרף לערנען״.

אָדער אַ צווייטע טראַגעדיע מיט דער 14 יאָריקער אורשולאַ פּיי־פּער. אין 1940 האָבן די רוסן אַרויסגעפירט איר צוזאַמען מיטן פאָ־טער און די מומע קיין סיביר און אַזוינאַך זיי אָפּגעראַטעוועט, אַז זיי זאָלן נישט באַלד אומקומען דורך די נאַציס. די לאַגע אין סיביר איז אָבער געווען אַ שוידערלעכע, איבערהויפּט פאַר די, וועלכע זיינען פיזיש נישט געווען אומשטאַנד אַריבערצוטראָגן שווערע אַרבעט דורך וועלכער מען האָט זיך קוים געקאָנט דערנערן. דער פאָטער איז אין 1942 אויסגעגאַנגען פון הונגער אין סיביר. די מוטער, וועלכע איז גע־האַט פאַרבליבן אין לעמבערג, איז דאָרט דערמאָרדעט געוואָרן דורך



„שערט מיר נישט אָפּ מיינע פּאות״ — בעט זיך דאָס יינגל ביים באַרבער



אורשולאַ פּייפּער
דער סימבאָל פון יידישע פאַמיליעס

די נאַציס. אין 1945 איז אורשולאַ צוזאַמען מיט איר מומען געקומען צוריק אין פשעמישל, גאַליציע. דאָ האָט זי געמיינט, אַז זי וועט ענד־לעך קענען צוריק אויפבויען זייער לעבן, אָבער זיי זיינען געווען איבער־ריק אין די אויגן פון אָרטיקע פוילישע אַנטיסעמיטן, און איידער וואָס־ווען האָבן פוילישע באַנדיטן דערמאָרדעט דער מומען, און אורשולאַ איז אָפּגעקומען בלויז מיט אַ וואונד פון אַ רעוואָלווער. איצט איז אור־שולאַ געבליבן די איינציקע פון איר גאַנצער משפחה, וואָס אין איר אומקום האָבן געהאַט אַ חלק סיי די נאַציס, סיי פוילישע באַנדיטן און סיי די רוסישע אומשטענדן.

## וואו זאָל מען לאָזן די קינדער?

אין הינדענבורג קעמפּ איז מיין קאָנצערט פאָרגעקומען אין אַ גאַ־ראַזש. צום קאָנצערט זיינען געקומען אַ סך פרויען מיט זייערע קינ־דער. די באַאַמטע האָבן געהאַט טענות צו די מוטערס, הלמאי זיי שלעפּן מיט די קינדער, אָבער די מאַמעס האָבן בשום אופן נישט גע־וואָלט זיך שיידן פון זייערע קינדער. זיי האָבן שוין פריער פאַרלאָרן אַ טייל פון זייערע קינדער און זיי שרעקן זיך, אויף אַ מינוט, צו שיידן פון די קינדער, וועלכע זיינען זיי, דורך ניסים, געבליבן לעבן.

מערקווירדיק, די קינדער האָבן ווי פאַרשטאַנען די גאַנצע סיטו־אַציע און זיי האָבן זיך געהאַלטן אויסערגעוויינלעך רואיק און שטיל. אָבער די פראַגע וועגן האַלטן זיך רואיק איז נישט נאָר געווען אַ פּראָב־לעם פאַר די קינדער, נאָר אויך פאַר די עלטערע. עס איז געווען ווערט צו באַצייכנען, אַז די זעלבע מענטשן, די פּליכטלינגע, וואָס זיינען אַזוי, צוליב זייערע איבערלעבונגען, שרעקלעך דענערווירט, אומרואיק און קאָנען זיך נישט האַלטן אַ פערטל שעה אויף אַ פּלאַץ, נאָר זיי האַלטן אין איין גיין, דרייען זיך, אַוועקגיין און צוריקקומען, האָבן דאָ, אויפן קאָנצערט, זיך אַוועקגעזעצט און זיינען אַזוי, אָן „עמיגראַציע״, אָפּגע־זעסן די גאַנצע צייט פון קאָנצערט, און טאָמער האָט פּאַסירט אַ פאַל, אַז אַ קינד איז אינמיטן געוואָרן אומרואיק, האָט מען נישט געדאַרפט

קיינעם, וואָס זאָל דאָס קינד באַרואיקן. די אייגענע מוטער האָט עס באַלד איינגעשטילט.

אַן אויטאָמאָביל האָט געזאָלט קומען קיין אולם נאָכן קאָנצערט און מיך אָפּפירן קיין מינכען. מיר האָבן גענומען וואַרטן, אָבער אַז מיר האָבן געזען, אַז עס איז שוין שפּעט ביינאַכט און דער אויטאָמאָביל איז נאָך נישטאָ, האָבן מיר טעלעפאָנירט קיין מינכען און פון דאָרט איז געקומען דער ענטפער, אַז מען האָט דעם אויטאָמאָביל אַרויסגעשיקט און זיי וויסן נישט וואָס עס איז געשען. מיר זיינען געשטאַנען אין דרויסן פון קעמפּ, אויפן שאָסע, וואו דער אויטאָמאָביל האָט געדאַרפט אָנקומען און צוריקפירן מיך און דעם פּיאַניסט, אָבער ווען מיר האָבן געזען, אַז דער אויטאָמאָביל פון מינכען קומט פאָרט נישט, האָבן מיר זיך צוריקגעקערט צום קעמפּ סעדאָן. דאָרט איז געשטאַנען אַ פּאָליציי־וואַך, און ווען זיי האָבן מיך דערזען, האָבן זיי אויסגערופן:

— אָ, דאָס אַרטיסטקעלע איז צוריקגעקומען — און זיי האָבן גע־עפנט דעם טויער און אונז צוריק אַריינגעלאָזט.

זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט וואָס עס איז די סיבה פון אונזער צו־ריקקומען, און ווען זיי האָבן געהערט, אַז ווי עס זעט אויס, וועלען מיר שוין ביינאַכט נישט קאָנען צוריקפאָרן, נאָר מוזן בלייבן אין קעמפּ, האָבן זיי מיר געשטעלט אַן איינפאַכע פראַגע:

— אפשר ווילט איר היינט נאָך געבן אַ קאָנצערט?

— היינט — האָב איך זיי געענטפערט — עס איז דאָך שוין נאָך 11 ביינאַכט. אַ גרויסער טייל פון עולם שלאָפט דאָך שוין.

— ס׳מאַכט נישט אויס. מיר קאָנען נאָך צוזאַמענרופן דעם עולם, און די, וועלכע שלאָפן שוין, וועלן מיט צופרידנהייט זיך צוריק אויפ־הייבן, אָנטאָן און קומען צום קאָנצערט. פּאָלגט אונז, אַרטיסטקעלע, און גיט נאָך אַ קאָנצערט.

נאַטירלעך איז דערפון גאָרנישט געוואָרן, אָבער דער נאָמען „אַר־טיסטקעלע" האָט ביי מיר געהאַט טויזנט חן. איך האָב פון קינדווייז אָן געהאַט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג זיך צו באַקענען מיט אַקטיאָרן, אָבער

מיין מאַמע, זאָל לעבן, פלעגט מיך שטענדיק וואָרנען: „מיט אַקטיאָרן״, „מיט אַרטיסטן״, „אַרטיסטקעלעך, חס וחלילה״. און דאָ רופט מען מיך „אַרטיסטקעלע״, אָבער מען האָט באַדאַרפט פילן וויפל ליבשאַפט עס איז געלעגן אין דעם אויסדרוק...

# מיין מאַן קומט

עס איז געוואָרן אַלץ שפּעטער און שפּעטער און די מאַשין איז נישט געווען צו זען. עס איז שוין געווען קלאָר, אַז מיר מוזן דאָ בלייבן נעכטיקן. איינער פון דער וואַך האָט שנעל זיך אַרויפגעכאַפּט צו זיך אין שטוב, אויפגעוועקט זיין פרוי און געמאַכט בכבוד אַ בעט פאַר מיר. אויך מיין פּיאַניסט האָט מען באַלד איינקוואַרטירט מיט אַ גוט געלעגער, און — דער אויטאָמאָביל פון מינכען, וואָס האָט געהאַט אַ מכשול אין וועג, איז טאַקע אָנגעקומען ערשט צומאָרגענס אין דער פרי, ווען מיר זיינען אויפגעשטאַנען אויסגערוטע מער פון דער ליבע און אויפמערקזאַמקייט, וואָס מען האָט אונז אַרויסגעוויזן, ווי פון געלעגער.

צוריקגעקומען אין מינכען, האָב איך באַקומען די ידיעה, אַז מיין מאַן, משה, איז אַרויסגעפלויגן פון אַמעריקע, און דאַרף שוין זיין אָנגעקומען אין פּאַריז. איך האָב געהאַט דאָרט רעזערווירט פאַר אים אַ האָטעל. אָבער לויט די אָקופּאַציע־אומשטענדן האָט ער נישט געקאָנט טעלעפאָנירן פון פּאַריז קיין מינכען. איך אים האָב יאָ געקאָנט טעלעפאָנירן. איך האָב אים טאַקע באַלד אָנגערופן אין האָטעל. ער איז נישטאָ. איך האָב אין משך פון טאָג געהאַלטן אין איין רופן, אָבער ער איז נישט געווען. איך האָב גענומען רופן אַנדערע האָטעלן, אָבער אויך דאָרט איז ער נישט געווען. איך האָב אָפּגערופן דעם „דזשאָינט״, גלויבנדיק, אַז זיי וועלן אפשר האָבן אַ באַגריף וואו מיין מאַן געפינט זיך. אָבער אויך זיי האָבן נישט געוואוסט. אין מיין אַרבעט צו זוכן מיין מאַן האָט מיר שטאַרק געהאָלפן די פראַנצויזישע טעלעפאָן־אָפּערייטאָרין. כ׳ווייס נישט צי זי איז געווען אַ יידישע, אָדער בלויז דער סענטימענט, אַז איך זוך מיין מאַן, וועלכן איך האָב שוין נישט געזען און

געהערט עטלעכע חדשים, האָט איר אַזוי גערירט, אַז זי האָט מיר אויפגעזוכט די אַלע נויטיקע טעלעפאָן נומערן און געפּרובט העלפן אויסגעפינען מיין מאַן. געזען, אַז די אַלע טעלעפאָנס העלפן נישט, האָב איך זיך פאַרבונדן מיט אונזער „חברה", און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי „זיי" האָבן יאָ אויפגעזוכט מיין מאַן אין פּאַריז און איך האָב מיט אים זיך דורכגערעדט טעלעפאָניש. איצט איז געווען די פראַגע, ווי אַזוי ברענגט מען אים אַריין אין דייטשן אָקופּירטן געביט. די באַמיאונגען אים אַריינצוברענגען אויף אַ לעגאַלן אופן וואָלטן צו לאַנג גענומען, האָט מען אָנגעהויבן אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי ער זאָל קאָנען קומען צו מיר אין די קעמפּס אויף אַן אַנדערן אופן.

איך האָב נאָך געהאַט פון פריער באַשטימט עטלעכע קאָנצערטן, בין איך צוגעפאָרן צו אַ קאָנצערט אין פירט, ביי נירענבערג. איך האָב געמוזט דורכפאָרן אָט די שטאָט, וואָס איז געווען דער „קדשי קדשים" פון דער טומאה, דאָס געבוירן און „תורה"־פלאַץ פון נאַציזם און וואו די געשיכטע האָט צוגעפירט, אַז דאָרט זאָל אויך פאָרקומען דער פּראָצעס קעגן די נאַצי־פירער. די שטאָט איז געווען חרוב. הל־ואי וואָלט אויך אַזוי חרוב געווען דער גיפטיקער אַנטיסעמיטיזם וואָס די נאַציס האָבן איינגעפלאַנצט, וואו זיי זיינען נאָר געווען. כאָטש דער פּראָצעס איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט, איז די לופט געווען אָנגע־פילט מיט דעם גאַנצן אומגליק, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף די פאַרהאַנדלונגען און די ביטערע שטימונג קעגן די נאַציס איז ווידער אויפגעוואַכט געוואָרן.

צו מיין קאָנצערט זיינען געקומען אַ סך פון די אָנטיילנעמער אין פּראָצעס: אויספאָרשער, עצה־געבער און איבערזעצער. זיי זיינען גע־בראַכט געוואָרן דורך אידיט סיימאָן, אַ יידיש־דייטש מיידל, וועלכע איז מיט אירע עלטערן, גאַנץ פאַרמעגלעכע, אַוועק פון דייטשלאַנד קיין סאַן פראַנציסקאָ נאָך אין צייט, באַוויזענדיק מיטצונעמען כמעט זייער גאַנץ האָב און גוטס. זי האָט אָבער געוואָלט ווערן אומאָפּהענגיק און איז דע־ריבער געקומען אין דייטשלאַנד, וואו זי האָט געגלויבט, באַזיצנדיק

דייטש און ענגליש, אַז זי קאָן זיין בייהילפיק ביי דעם פּראָצעס. זי האָט געאַרבעט ביים נירענבערגער פּראָצעס. זי איז געווען באַשעפ־טיקט מיט די עדות און איז געוואָרן גוואַלדיק צוגעבונדן צו די פּליכט־לינגע אין די קעמפּס. באַזונדערס איז זי געווען באַגייסטערט פאַרן שוין דערמאָנטן שטרייכער־קעמפּ, וואָס האָט זיך געפונען אין שכנות. וועלכער גוי ס'איז געקומען צום פּראָצעס, אַ רעפּאָרטער, אָדער סתם אַ ספּעציאַליסט, פלעגט זי זיי שלעפּן צו דער שטרייכער־פאַרם צו ווייזן וואָס יידישע פּליכטלינגע, וועלכע זיינען שוין געווען אויף דער שוועל פון קבר, האָבן אויפגעטאָן.

מיין קאָנצערט איז שיר נישט געשטערט געוואָרן דורך אַ סיבה, וואָס מען האָט נישט געקענט אויסרעכנען.

## אַ נס מיט אַן אויטאָ

איך בין געפאָרן מיט אַן אויטאָ, אין וועלכן עס איז געפאָרן אַ טשאַפּליין צו אַ ווייטערדיקן פּלאַץ. איך האָב געהאַלטן מיין קאָנ־צערט־קלייד אין אַ רענצל און די נאָטן און אַ פּאָר זילבערנע שיך אין אַ באַזונדער רענצל. דער שאָפער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים קעמפּ, אַרויסגעלאָזט מיך און מיין אַקאָמפּאַניאַטאָר איז ווייטער געפאָרן. איך האָב אַרויסגענומען מיין רענצל און פאַרגעסן אין דעם רענצל מיט די נאָטן. וואוהין דער שאָפער איז געפאָרן האָב איך נישט געוואוסט און בין, נאַטירלעך, נישט געווען אינטערעסירט. מיין אינטערעס צום שאָפער און די ריכטונג וואוהין ער איז געפאָרן איז געוואָרן ערשט נאָכדעם ווען מיר האָבן זיך אין קעמפּ געכאַפּט, אַז דאָס רענצל מיט מיינע נאָטן איז געבליבן אין דעם אויטאָמאָביל, וועלכער איז אַוועקגע־פאָרן. מילא, בנוגע די זילבערנע שיך, וואָלט מען זיך נאָך ווי עס איז אַן עצה געגעבן, וואָלט איך געבליבן אין מיינע שיך, אָבער וואָס טוט מען אָן נאָטן?

די צייט איז דערווייל נישט געשטאַנען. עס איז שוין געווען גאָר האַרט צום קאָנצערט און עס האָט אויסגעזען, אַז קיין קאָנצערט וועט

נישט פאַרקומען. ערשט, אַ פערטל שעה פאַרן קאָנצערט, מיר זעען, אַז עס פליט אָן אַן אויטאָ. מיר געבן אַ קוק — דער שאָפער, וואָס האָט מיך פריער געבראַכט, שפרינגט אַרויס אין איין אָטעם מיט דעם רענצל. ער איז שוין געווען אָפּגעפאָרן אַ ווייט שטיק וועגס, ווי ער האָט פּלוצלינג, צופעליק באַמערקט אין אויטאָ די זילבערנע שיך. היות ווי ער האָט געוואוסט, אַז איך בין אין אויטאָ נישטאָ, איז אים געוואָרן אויפֿפאַלענד אַ קוק צו טאָן פון וואַנען די שיכלעך דרייען זיך דאָרט אַרום, און ווען ער האָט גענומען נאָכקוקן, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף מיין רענצל, און היות ווי אַ ביסל שכל אין מוח האָט ער געהאַט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אין רענצל ליגן אַודאי מיינע זאַכן אין וועלכע איך נויטיק זיך צום קאָנצערט, און באַלד איז אים איינגעפאַלן, אַז אפשר קאָן איך אָן דעם טאַקע נישט אויפטרעטן. וויבאַלד דאָס איז אים איינגעפאַלן, האָט ער נישט געקוקט, וואָס ער איז שוין געווען אָפּגעפאָרן אַ שטיק וועגס, האָט אויסגעדרייט דעם אויטאָ זיינעם און איז צוריקגעפאָרן צו מיר אין קעמפּ.

צומאָרגענס בין איך געפאָרן באַזוכן די שטרייכער־פאַרם. כ׳האָב גרינטלעך באַקוקט די ווירטשאַפט און געקליבן הנאה. דערווייל האָט מען געגעבן אַ קלונג מיטן גלאָק, און עס האָט נישט לאַנג גענומען, זיינען זיך אַלע צוזאַמענגעקומען אין עס־צימער, און איך האָב געגעבן אַ קאָנצערט פאַרן קיבוץ „גילו״. ווידער האָב איך פאַרגעסן, אַז איך געפין זיך אויף דער טרייפענער דייטשער ערד, אויף יענער ערד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיטן בלוט פון אונזער פאָלק, און פון וואַנען דער וועלט־שונא האָט געשיפּעט זיין גיפט קעגן יידן איבער דער גאַנצער וועלט. מיר האָבן זיך אַלע אַריבערגעטראָגן אין אַ ריינער ארץ־ישראל אַטמאָספערע. דער קאָנצערט איז באַלד געוואָרן אַ קיבוץ־קאָנצערט אין וועלכן נישט נאָר איך, נאָר יעדער איינער האָט זיך באַטייליקט מיט וואָס ער האָט געקענט. איינער אויף אַ האַרמאָשקע, דער צווייטער האָט פאַרצויגן אַ ניגון, וואָס מיר האָבן באַלד גענומען זינגען אין כאָר. מען האָט געטאַנצט ארץ־ישראל טענץ. דאָ האָב איך אויך געהערט צום ערשטן מאָל זינגען, דאָס שפּעטער אַזוי פּאָפּולער־געוואָרענע ליד

„אונזער שטעטל ברענט" פון פאָלקס־דיכטער מרדכי געבירטיג. ווען איך האָב געהערט דעם דיכטערס טענה, אַז „אונזער שטעטל ברענט, און איר, ברידער, שטייט מיט פאַרלייגטע הענט, און איר טוט גאָר־נישט", האָב איך געטראַכט, אַז דער דיכטער האָט אין זיין פאַנטאַזיע נישט געזען אָט די חלוצים, די מיט ארץ־ישראל גייסט באַהויכטע־יידן, וועלכע שטייען שוין דוקא נישט מיט פאַרלעגטע הענט, נאָר גרייטן זיך צום לעבן, אָפּצוראַטעווען און צוריק אויפצולעבן וואָס עס איז גע־בליבן פון „אונזער שטעטל", וואָס ברענט, און איז לײדער פאַרברענט געוואָרן...

פון דאָרט בין איך געפאָרן קיין ווינדסהיים. זיי האָבן גראָד פאַר דעם טאָג נישט געקאָנט קריגן קיין טעאַטער־זאַל און האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל מיין קאָנצערט אָפּלייגן אויף אַ טאָג, אַנדערש מוזן מיר האָבן דעם קאָנצערט אין קיך. איך האָב זיך, וואָס דער אמת איז, לכתחילה אַביסל אויפגערעגט, ווייל כ'האָב בשום אופן אים נישט געקאָנט אָפּ־לייגן, און כ'האָב דעריבער באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן דעם קאָנצערט אין קיך. מ'האָט אויף צעבראָכענע ברעטער געלייגט אַ בינע, מ'האָט געבראַכט צו טראָגן אַ פּיאַנאָ, אַ שברי כלי. יעדע רגע בעת'ן זינגען האָט זיך מיר נאָר אויסגעוויזן, אַז איך פאַל אַראָפּ און ברעך האַלז און נאַקן. דער עולם האָט איבערגעפּאַקט דעם „זאַל", האָט אָנגעפילט יעדעס שטיקל פּלאַץ און אַפילו זיך אָנגעלענט אויף דער בינע. עס איז געווען פון די קאָנצערטן, וועלכע „מ'קאָן נישט פאַרגעסן".

## מיר זיינען דאָ

דעם 5־טן סעפּטעמבער האָב איך באַזוכט שטרוט־אַנסבאַך. שטרוט איז אַ קינדער־קעמפּ, אַ פיינער פּלאַץ. פאַראַן דאָרט אַ סך אונגאַרישע קינדער. אויף דעם פּלאַץ האָט עַן ליפּאָ צוגענומען ביים מיליטער פאַר יידן. דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין אַנסבאַך און צו אים איז אויך געקומען די שטאָטישע באַפעלקערונג.

איך בין טאַקע אויפגעטראָטן אויף קאָנצערטן, אָבער מיין קאָפּ איז געווען ביי מיין מאַן. עס האָט זיך געשאַפן אַ מאָדנע לאַגע. ער איז טאַקע אין אייראָפּע, אָבער נישט ער קען פאָרן צו מיר, און נישט איך קען פאָרן צו אים. ער האָט נישט געקאָנט פאָרן, ווייל ער האָט נישט געקאָנט באַקומען קיין געהעריקע דערלויבניש אַריינצוקומען אין די אָקו־פּירטע דייטשע געביטן. איך ווידער האָב נישט געקענט אַרויספאָרן צו אים, ווייל איך האָב געהאַט פון פריער געגעבן מיין צוזאָג אויף אַ רייע קאָנצערטן אין געוויסע שטעט. אַזוי בין איך דעם 9־טן סעפּטעמבער ווידער געפאָרן קיין רעגענסבורג, וואו איך האָב פריער געהאַט אַ קליי־נעם קאָנצערט און דעמאָלט צוגעזאָגט, אַז איך וועל קומען צו אַ גרויסן קאָנצערט. און דאָס מאָל האָט מען טאַקע איינגעאָרדענט אַ גרויסן קאָנ־צערט אין אָפּערע־הויז. דער קאָנצערט איז געווען אויספאַרקויפט און צו אים איז אויך געקומען דאָס מיליטער.

דערווייל האָב איך זיך געמוזט באַגנוגנען מיט ריידן טעלעפאָניש צו מיין מאַן. איך האָב אים אָנגעוויזן, אַז איך האָב נאָך קאָנצערטן און קאָן דעריבער נישט אַרויספאָרן צו אים, אָבער דאָ איז שוין באַלד 6 חדשים ווי איך האָב אים נישט געזען. איך האָב געטאָן אַ שטיקל אַר־בעט, וואָס דירעקט האָט ער טאַקע אין דעם זיך נישט באַטייליקט, אָבער פאָרט ליגט אין דעם אויך זיין חלק, און איך האָב געפילט, אַז ער וואָלט געווען גליקלעך ווען ער טרעפט מיך ביי מיין אַרבעט אין די קעמפּס. אויסער דעם האָט ער דאָ געהאַט נאָך אַן אויפגאַבע, אין וועל־כע מען האָט זיך גענויטיקט טאַקע אין אים. אַזוי ריידנדיק טעלעפאָניש, זיינען מיר געקומען צום באַשלוס, אַז דעם „דזשאַב" אים צו ברענגען צו מיר נעמט איבער אַ חבר. מיין מאַן איז אַרויסגעפאָרן פון פּאַריז מיט דער באַן און זיך אָפּגעשטעלט אין אַ געוויס אָרט. איך ווידער בין אַרויסגעפאָרן פון מינכען און האָב זיך אויך אָפּגעשטעלט אין זעלבן אָרט. דאָ האָבן מיר זיך געטראָפן אויפן וואָקזאַל.

די באַגעגעניש צווישן מיר און מיין מאַן וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין אונזער לעבן, וואָס



עמא און משה שייווער טרעפן זיך אין מינכען

מיר זיינען געווען אַזוי לאַנג צעשיידט און דערצו איבער קאָנטינענטן. באַלד האָב איך זיך אויך דערוואוסט, אַז דורך דער צייט פון מיין אָפּ־וועזנהייט פון אַמעריקע, איז מיין מאַן דורכגעגאַנגען אַן אָפּעראַציע, אָבער ער האָט עס פון מיר פאַרבאָרגן, ווייל ער האָט געוואוסט מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיקט מיין טור, ווען איך וויס, אַז אין דער צייט וואָס איך טרעט אויף אויף קאָנצערטן ליגט מיין מאַן אין האָס־פּיטאַל אויפן אָפּעראַציע־טיש.

אַ טאָג האָבן מיר פאַרבראַכט צוזאַמען אין דעם באַשטימטן פּלאַץ, וואו מיר האָבן זיך געטראָפן, דערנאָך האָט מען אונז צוזאַמען אַריבער־געפירט קיין מינכען. דאָ האָבן חברים געמאַכט אַ געהעריקן קבלת־פּנים פאַר משה'ן, און ער, ווידער פון זיין זייט, האָט זיך באַלד גענומען

צו זיין אַרבעט, געבן מאַטעריעלע הילף פאַר די אינסטיטוציעס און אנ־שטאַלטן, וואָס זיינען אונז אידייאיש נאָענט.

דעם 13־טן סעפּטעמבער איז אין בערכטעסגאַדען פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון די צענטראַל־קאָמיטעטן פון די קעמפּס מיטן אָנטייל פון די פאַרשידענע אַגענטורן, וואָס געבן זיך אָפּ מיט די פּליטלינגען. דאָרט האָט משה געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט נייע מענטשן און נייע פּראָבלעמען. די פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרענדיקט שבת צו נאַכט מיט אַ קאָנצערט. אַזוי זיינען פאָרגעקומען נאָך אייניקע קאָנצערטן אין באַד רייכענהאַל און אין ווייַלהיים.

## דער אָפּשייד־קאָנצערט

דעם 21־טן סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען מיין אָפּשייד־קאָנצערט אין לאַנסבערג. דער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט. מענטשן האָבן געוואָלט אַלץ טאָן אום אַריינצוקומען, אָבער עס איז געווען אוממעג־לעך. וואָלט מיין מאַן געקומען צום קאָנצערט צוזאַמען מיט מיר, וואָלט איך אים אַריינגענומען. ער איז אָבער געווען פאַרנומען מיט זיינע טע־טיקייטן פאַר דער באַוועגונג, וועלכע האָבן נישט געקאָנט וואַרטן, און ווען ער איז שפּעטער געקומען מיט נאָך צוויי חברים, האָט מען זיי בשום אופן נישט געוואָלט אַריינלאָזן. משה איז געווען זיכער, אַז וויבאַלד ער וועט נאָר זאָגן ווער ער איז, וועט מען אים באַלד אַריינלאָזן. דער עולם האָט עס אָבער אָנגענומען אַלס אַ פאַלשן תירוץ, איבערהויפּט נאָך, אַז ביז דעמאָלט האָט מען מיך מיט מיין מאַן אין ערגעץ ניט געזען, האָט מען אים געזאָגט, אַז „ער זאָל זיך אויסזוכן אַ בעסערן תירוץ צו וועלן אַריינגיין צום קאָנצערט". נאַטירלעך איז משה נישט אָפּגע־שטאַנען און פאָרט אויסגעפירט זיינס. אי מען האָט אים אַריינגעלאָזט, אי די צוויי חברים.

משה'ס פרייד איז געווען זייער גרויס. כאָטש ער האָט פון מיינע בריוו געהאַט אַ באַגריף אין וואָס עס דריקט זיך אויס מיין אַרבעט אין די קעמפּס און וואָס פאַראַ נוצן דאָס ברענגט פאַרן געמיט פון דער

שארית הפליטה, האָט ער דאָך געהאַט ערשט דאָס ריכטיקע בילד, ווען ער האָט אַליין געזען דעם איינדרוק, וואָס די קאָנצערטן מאַכן אויף די באַזוכער.

מיינע וואַנדער־קאָנצערטן זיינען געווען פאַרענדיקט. איצט האָב איך שוין געהאַט מער צייט זיך צוצוקוקן צו דער טעטיקייט, וואָס מיין מאַן האָט געטאָן, און איך האָב נישט געהאַט ווייניקער נחת פון אים, ווי ער פון מיר. ער האָט מיר צוגעגעבן, אַז ער איז דאָפּעלט גליקלעך, איינמאָל, דערפון וואָס איך האָב זיך נישט צוריקגעהאַלטן פאַר די אַלע שוועריקייטן, מיט וועלכע מיין טורנעע איז געווען פאַרבונדן און בין געבליבן לענגער פון אַלע אין די קעמפּס, צווייטנס, פון דעם וואָס ער איז געקומען און קאָן אויפן אָרט און שטעל עפּעס טאָן פאַר דער ציוניס־טישער אַרבעטער־ באַוועגונג, פאַר דער עליה קיין ארץ־ישראל.

## דער קאָנצערט איבער דער ראַדיאָ

מיר האָבן שוין געהאַלטן אין מיטן סעפּטעמבער, ווען עס דערנענ־טערן זיך די ימים נוראים, און עס איז אַזוי אויסגעקומען, אַז די וואָך פון ראש השנה זיינען מיר געווען אין שטוטגאַרט, וואו עס געפינט זיך די ראַדיאָ־צענטראַלע פאַר דייטשלאַנד. טאַקע פון דאָ אויס האָט עס מיט אַ וואָך פריער דער דעמאָלטדיקער אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער בוירנס געהאַלטן זיין באַרימטע רעדע וועגן דער ענדערונג פון דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק לגבי דעם דייטשן פאָלק. חבר אַנטמאַן האָט זיך אונטערגענומען און טאַקע אַראַנזשירט אַ יידישן קאָנצערט איבער דער דאָרטיקער דייטשער ראַדיאָ, וואָס איז געווען אונטער מי־ליטערישן קאָנטראָל. דער קאָנצערט איז אַראַנזשירט געוואָרן ערב ראש השנה אַלס „באַגריסונג" לכבוד נײַ יאָר. לכתחילה האָט די מאַכט פאַר־לאַנגט, אַז דאָס פּראָגראַם זאָל געגעבן ווערן נאָר אין דייטש, ווייל עס קומט פאַר אויף דייטשער טעריטאָריע. חבר אַנטמאַן האָט אָבער אָנגע־וויזן, אַז דאָס פּראָגראַם איז באַשטימט נאָר פאַר יידן, און היות ווי עס קומט אויס אויף די ימים נוראים, ווען די תפילות ווערן אָפּגעהאַלטן

אין העברעאיש, דאַרף דאָס פּראָגראַם דעריבער אויך זיין אין העב־רעאיש. די מאַכט האָט דערצו מסכים געווען. נאַטירלעך איז געווען פאַרשטאַנען, אַז אויב מיר ווילן, קאָנען מיר אין פּראָגראַם אַריינגעמען נומערן אין ענגליש, אָדער אין דייטש.

דאָס פּראָגראַם איז באַשטאַנען פון צוויי רעדעס אין העברעאיש צו 5 מינוט. ד״ר חיים האָפמאַן, אין נאָמען פון דער „יידישער אָגענ־טור״ און ניומאַן פון צענטראַל־קאָמיטעט. אַנטמאַן האָט אַלץ אַנאָנ־סירט אין העברעאיש.

דאָס אַרויסטרעטן אויף דער ראַדיאָ איז נישט געווען אַזאַ לייכטע זאַך. היות ווי די ראַדיאָ איז געווען אַ מיליטערישע, האָט מען געדאַרפט קומען אַהין אַ טאָג פריער און אַלץ מאַכן אויף רעקאָרדס. דאָס הייסט, אַז דער עולם האָט אונז דירעקט נישט געהערט, נאָר מען האָט געלאָזט אויפשפּילן אונזערע רעקאָרדס. דאָס איז געטאָן געוואָרן דערפאַר צו זיין זיכער, אַז מיר וועלן חלילה נישט ענדערן אַפילו אַ וואָרט פון דעם, וואָס מיר נעמען זיך אונטער צו טאָן אויף דער ראַדיאָ. און קאָנטראָלירט זיינען מיר געוואָרן זייער שטרענג. אונזער פּראָגראַם האָט פריער גע־מוזט צוגעשטעלט ווערן אין 4 עקזעמפּליאַרן אין בערלין און דאָרט איז עס זאָרגפעלטיק איבערגעקוקט געוואָרן דורך די פאָרשטייער פון אַלע 4 מלוכות: אַמעריקע, ענגלאַנד, די סאָוועטן און פראַנקרייך, אויב מיר גנב׳ענען חלילה נישט אַריין עפּעס טריף־פּסול. ערשט נאָכדעם ווי בערלין האָט געגעבן די 4 הסכמות, ערשט דעמאָלט האָט מען געמעגט מאַכן דעם רעקאָרד, וואָס איז דערנאָך איבערקאָנטראָלירט געוואָרן צו זען צי עס שטימט מיט אַלע פּיטשעווקעס.

דער אַמעריקאַנער דירעקטאָר פון דער ראַדיאָ איז געווען אַ פראַנ־צויזישער גוי פון ברוקלין, קיפּ שעוואַליע. איך האָב גענומען מאַכן פּראָבע אין דער סטאַנציע. אין מיין פּראָגראַם איז אַריינגעגאַנגען אַן אַריע פון הענדעלס „יציאת מצרים״. איך האָב אָנגעהויבן אין ענגליש, בעת געוויינלעך זינג איך די אַריע אין יידיש. דערנאָך האָב איך זיך אָנגערופן צו מר. שעוואַליע:

— איך וואָלט עס געוואָלט זינגען ווי שטענדיק, — און האָב גע־נומען זינגען די אַריע אין יידיש.

— עס קלינגט ווי דייטש — האָט דער פראַנצויזישער אַמעריקאַנער געזאָגט, און זיך ווענדנדיק צום דייטשישן קאָנטראָלער פון דער סטאַנ־ציע, האָט ער געזאָגט:

— זינגט זי נישט אַ וואונדערבאַרן דייטש ווערליק אַן אַמעריקאַ־נערין?

— יאַ, איך מוס עס יאַ זאַגען, פיר איינע אַמעריקאַנערין איסט עס איין גוטעס דויטש — האָט יעקע נאַר געענטפערט.

— אָבער פאַר אַ דייטשקע? — פרעגט ווייטער מיין אַמעריקאַנער גוי.

— אָ, פיר איינע דויטשע? — ענטפערט ווידער דער דייטש — יאַ, פיר איינע דויטשע ניכט זאָ גוט!




אַ „לשנה טובה" פאַר דער שארית הפליטה
דער פלאַקאַט, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר דער „שארית הפליטה" וועגן עמאַ שייוועס זינגען אויף דער ראַדיאָ אין שטוטגאַרט

און אַזוי האָב איך אַריינגענומען אין פּראָגראַם די אַריע פון הענ־דעלס „יציאת מצרים“ אין יידיש. די אַנדערע נומערן זיינען באַשטאַנען פון „כל נדרי“, וואָס איך האָב מיר אַליין אַקאָמפּאַנירט, „עדרים“ פון חַיות, אַ תימנער ליד „זמרי לי“ און דאָס נעגער־ליד „גאו דאַן מאָזעס“ אין ענגליש.

אַזוי האָב איך געמאַכט די רעקאָרדס און אַזוי איז עס אויך דורכ־געגאַנגען.

וועגן ראַדיאָ־פּראָגראַם, וואָס האָט געדויערט, מיט די רעדעס, אַ האַלבע שעה, האָט מען געלאָזט וויסן אין ספּעציעלע פּלאַקאַטן איבער אַלע קעמפּס. מען האָט אויך וועגן דעם פּראָגראַם געלאָזט וויסן דורך אַלע לאָודספּיקערס.

דער ראַדיאָ־קאָנצערט איז פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע. אפילו די, וועלכע האָבן געהאַט ראַדיאָס אין שטוב אָדער אין ביבליאָטעקן, וואו מען קומט זיך געוויינלעך צוזאַמען הערן ראַדיאָ־פּראָגראַמען, זיינען בכיון אַרויסגעקומען אויף די עפנטלעכע פּלעצער, וואו עס זיינען געווען אויסגעשטעלט לאָודספּיקערס. דערביי האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויסערגעוויינלעכע סצענעס פון די, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו האָבן ביי זיך אונזער דעלעגאַציע אָדער אַנדערע יידישע פאָרשטייער און דאָ האָבן זיי צום ערשטן מאָל געהערט אַ יידיש און העברעאיש וואָרט און אַ ליד. אַ סך האָבן געמאַכט אַ „שהחיינו“ הערנדיק ווידער עפנטלעך אַ יידיש וואָרט.

די דאָזיקע „באַגריסונג“ איז שפּעטער, אין דער וואָך צווישן ראש השנה און יום כפור, 4 מאָל איבערגעשפּילט געוואָרן איבער דער ראַ־דיאָ, און יעדעס מאָל האָט דער יידישער עולם עס אויפגענומען מיט פרייד.

דער לעצטער קאָנצערט איז דעם 2־טן אָקטאָבער איינגעאָרדענט געוואָרן אין מינכען דורך דער „יידישער אַגענטור“ און דעם צענטראַל קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן אין דייטשלאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז מיטן געדאַנק, אַז דאָס איז דער לעצטער קאָנצערט, האָב איך אין דעם געזאַנג אַריינגעטאָן מיין גאַנצע נשמה, און פּונקט אַזוי ווי דער עולם

איז נישט מיד געוואָרן צו הערן, אַזוי בין איך נישט מיד געוואָרן צו זינגען. אָבער יעדע זאַך מוז דאָך אַמאָל נעמען אַ סוף, זיינען מיר צו־געקומען צום סוף.

אָפּגעזונגען, האָט מען מיך מכבד געווען מיט אַ מתנה, וועלכע איז ביי מיר ממש הייליק — דאָס איז אַן אַלבאָם מיט דאַנק־בריוו פון די פאַרשידענע קעמפּס און לאַגערן אין וועלכע איך בין אויפגעטראָטן. די בריוו זיינען טאַקע געשריבן מיט טינט אויף פּאַפּיר, אָבער באמת זיינען זיי געשריבן מיט בלוט פון האַרצן אויף לוחות. יעדער אונטער־געשריבענער נאָמען רעדט צו מיר און דערמאָנט מיך אין די, וועלכע זיינען די פאַרקערפּערונג פון אונזערע פאָלקס־ליידן.

נאָכן קאָנצערט איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט און אין די רייד זיינען ווידער געקומען צום אויסדרוק די געפילן, וועלכע זיינען פאַרפּיקסירט געוואָרן אויף די דאָקומענטן פון דער שארית הפליטה. די ווערטער, וואָס זיינען דאָרט געזאָגט געוואָרן, קלינגען מיר נאָך אין די אויערן. זיי וועלן אייביק בלייבן ביי מיר איינגעקריצט אין מיין האַרצן.

## דער סך־הכל

עס איז געקומען דער טאָג, וואָס מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד און זיך אומצוקערן אַהיים.

ערשט איצט האָבן מיר דערפילט, ווי צוגעבונדן מיר זיינען גע־וואָרן צו דער גאַנצער סביבה. מיר זיינען אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג און זיך געזעגנט מיט פריינט און באַקאַנטע. עס איז געווען אַ געמיש־טער געפיל ביי אונז. ווער ווייס צי אַ סך פון די וועלן מיר שוין ווען עס איז באַגעגענען, כאָטש יעדער איינער האָט זיך ביים געזעגנען גע־וואונטשן „להתראות בארצנו", „אויף ווידערזען אין ארץ".

מיר זיינען נישט געווען זיכער צי די האָפענונגען פון די אַלע וועלן דערפילט ווערן, אָבער אין איין זאַך זיינען מיר געווען זיכער אַז די שארית הפליטה שטייט פעסט, אַז זי איז גייסטיק דערוואַקסן צו דער

שווערער, אָבער גרויסער און הייליקער אויפגאַבע, וואָס שטייט פאַר איר, אַז עס רעדט פון איר אַרויס ריינער אמת ווען זי זאָגט אַן דער וועלט בכלל און דעם יידישן פאָלק בפרט: „מיר זיינען דאָ!״.

די שארית הפליטה, נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון די בונקערס, פון די לעכער און גריבער; נאָכדעם ווי אַ סך פון זיי זיינען אַנטקומען פון די נעגל פון טויט, פון די גאַז־אויוונס, זיי וועט שוין קיין מאַכט אין דער וועלט נישט קענען שטערן צו גיין אין דעם וועג וואָס זיי האָבן פאַר זיך אָנגעצייכנט; זיי וועלן דורכפירן זייער שטרעבן וואָס אָן דעם קענען זיי נישט זען קיין זין ניט אין די געבראַכטע קרבנות און נישט אין זייער ווייטערדיקן לעבן. און זייער שטרעבן איז — נישט נאָר צו קענען לעבן ווי יחידים, נאָר ווי אַ טייל פון אַן אויפ־געלעבט יידיש פאָלק, וואָס אַפילו דער משחית היטלער האָט נישט געקענט אָפּווישן פון דער ערד. זייער שטרעבן איז — צוריקקומען, ווי אַ טייל פון גאַנצן יידישן פאָלק, אינם לאַנד פון זייער פאָלק — אין ארץ־ישראל! אָט דעם ציל וועלן זיי זיכער דערגרייכן! אַ באַלזאַם פאַר זייערע אייגענע שרעקלעכע וואונדן און אַ גליק פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק.

# פרעסע־שטימען

## אַ קאָנצערט פאַר קראַנקע

### (די שענסטע מתנה פון אַמעריקע)

פאַרוואָס פאַרשאַפט אונז אַ גוטע טעאַטער־פאָרשטעלונג, אַ גוטער קאָנצערט, אַ שיין בילד, אַ גוטער בוך, פאַרגעניגן און דערהויבענע שטימונג? פאַרוואָס איז קונסט העכסטער גענוס? די פראַגן האָבן אויך די פילאָזאָפן שוין לאַנג געשטעלט און אויך געגעבן אויף דעם אַן ענטפער.

די קונסט פאַסט אויף די אייביקע אידייען פון פאָלק אָדער מענטשהייט דורך ריינע, אין זיך געקערטע, איבערזינלעכע באַשוילעכקייט. די קונסט האָט איר מקור אין דערקענען די אידייע און באַצוועקט איר מיטצוטיילן. אַזויבאַלד, ווי אַ זאַך דריקט אויס אַ אידייע, איז די זאַך שיין. די קונסט נעמט אַרויס די אידייע פון די צופעליקייטן פון לעבן און מאַכט דורכדעם די זאַך צוגייינגלעכער און פאַרשטענדלעכער. דער עיקר דורך די מוזיק. דורך דעם אָנקוקן און איבערלעבן פון קונסט־ווערק רייסט זיך דער מענטש אָפּ פון אַלע מענטשלעכע שטרעבונגען, זיין האַסטן און יאָגן קומט צו רו.

דעריבער איז קונסט אַ לינדערונגס־מיטל פאַר אַלע מינים ליידן.

אַלע דערמאָנטע אַטריבוטן פון קונסט באַזיצט דאָס געזאַנג פון מיס שייוועד. די צוזאַמענשטעלונג פון איר רעפּערטואַר באַזירט זיך אויף די אייביקע אידייען פון יידישן פאָלק און פון דער בעסערער מענטשהייט — אַ קווערשניט דורך די טיפסטע דערלעבנישן פון יידן! די שווערמוטיקע מוטער־ליבע אין „וויג־ליד“, די באַ־קעמפונג פון קערפּערלעכער נויט דורך דערהויבנקייט אין „ניגונדל“, די פאָרשטע־לונג פון דער ארץ ישראל'דיקער נאַטור און לעבן אין „דאָס פאַסטוכל“, די נאַאיווע ריינע ליבע אין „רייזעלע“, דער לויב דעם אַלמעכטיקן אין „שלוש סעודות“, דער ערנסטער, נשמה צוטרייסלענדער דין וחשבון פאַר גאָט אין „כל נדרי“, די אויפ־מונטערונג און שטאַרקונג אין „פאַרטיזאַנען ליד“.

מיס שייוועד האָט פאַריקן שבת אָפּגעהאַלטן אַ קאָנצערט פאַר קראַנקע אין יידישן קראַנקנהויז אין מינכן. מיט טיפסטער איבערלעבונג האָט מיס שייוועד אונ־טערהאַלטן דעם עולם, מיט וועלכן זי האָט גאָר שנעל דורך איר מיטפילנדן און ליבן וועזן געפונען אַ אינטימען קאָנטאַקט.

די אַפּלאָדיסמענטן האָבן נישט געהאַט קיין סוף. עס איז געווען אַ פאַר שעה פון לינדערונג און טעראַפּי היילונג פאַר אַלע מינים ליידן.

ד"ר טולי

(„אונזער וועג“)

* * *

פון דער קולטור־דעלעגאַציע לייוויק, אפרת און שייוועד, וועלכע האָט פאַר־בראַכט חדשים אין די לאַגערן און האָט געמוזט אונז פלוצלונג פאַרלאָזן, איז דער זינגערין עמא לאַזאַראָוו־שייוועד געלונגען זיך צוריקצוקערן אַהער.

עמא שייוועד האָט ניט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זי מוז פון אונז אַזוי גיך אַוועקפאָרן. זי האָט געפילט איר אַרבעט פאַר ניט דערפילט: די לאַ־גער־יידן נויטיקן זיך אין אַ פאָר הייטערע שעה'ן פון ליד און מוזיק, און זי איז צוריק געקומען.

שוין צוויי וואָכן ווי זי פאָרט אַרום איבער די לאַגערן און גיט אירע קאָנצערטן, וועלכע האָבן אַ גרויסן דערפאָלג.

עס איז ניט לייכט פאַר איין זינגערין אויסצופילן אַ גאַנצן פּראָגראַם, אין אַכט געטומען, וואָס זי האַלט אָפּ אירע קאָנצערטן ניט ווייניקער ווי פיר מאָל אַ וואָך. און דאָך וועט די זינגערין שייוועט ניט מיד ווערן צו געבן איינע אַליין פולע קאָנצערטן, פון רייכן העברעאיש־יידישן רעפּערטואַר. זי ווערט ניט מיד, ווען זי איז שוין פאַרטיק מיט איר פּאָראויסגעזעענעם פּראָגראַם, קען זי דאָך זיך ניט פאַרגינען נאָכצוגעבן איר מידקייט, נאָר פאַרקערט, זי גיט נאָך די „ביס"־פאָדרנדיקע אָוואַציעס פון די פאַרזאַמלטע. די אויסרופן און אויפפאָדערונגען פון עולם הערן ניט אויף און עמאַ (ווי מען רופט זי פּאָפּולער אין אַמעריקע) זינגט נאָך און נאָך אַ ליד צום אָפּשלוס.

אַזוי גייען פיל יום־טוב־שעה'ן אין אַלע לאַגערן, וואו נאָר פרוי שייוועט קומט.

אַ ריזיקע באַגייסטערונג האָט אַרויסגערופן איר קאָנצערט שבת, דעם 20־טן, אין מינכען. טויזנטער מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין גרויסן זאַל פון שוישפּיל־הויז. כדי צו הערן עמאַ שייוועט. דאָ, אין מינכען, וואו דאָס קולטור־לעבן שטייט אפשר אויף אַ נידעריקערער מדרגה ווי אין פיל אַנדערע לאַגערן, האָט דער עכט יידישער קאָנצערט פון פרוי שייוועט אַרויסגערופן אַן אמתע באַפרידיקונג און איר קומט דערפאַר אַ האַרציקן דאַנק. די וואָך האָט זי אויך באַזוכט דעם סאַנאַטאָריום פאַר ט. ב. צ.־קראַנקע אין גאוטינג און דערפרייט מיט איר האַרציקן ליד די דאָרטיקע קראַנקע יידן, פאַר וועלכע זי איז מיט באַגייסטערונג באַדאַנקט געוואָרן.

עמאַ שייוועט זעצט פאָר איר טורנע איבער אַלע לאַגערן. זאָל זי באַדאַנקט זיין פאַר איר האַרציק־שוועסטערישן ליד, וועלכע איר גאָט־געבענטשטע שטים פירט ביי אונז אויס.

(„אונזער וועג")

* * *

... און אָט זעצט זיך ביים קלאַוויר די האַרציקע יידישע טאָכטער עמאַ שייוועט. דער גאַנצער גרינגער אַרום און די קינדישע ליכטיקע פּנימער פילן אָן איר שטים מיט אַזויפיל אינערלעכער השתפכות הנפש, ווען זי זינגט ביאַליקס „אונטער די גרינינקע ביימעלעך". די מינוטן־לאַנגע אַפּלאָדיסמענטן ווילן אונזערע געסט ניט באַפרייען.

מיס עמאַ שייוועט איז גרויס־מוטיק געווען... זי האָט ניט געזשאַלעוועט פון איר גרויסן רעפּערטואַר צו געבן די יידן נאָך און נאָך. נאָר דער דורשט פון די דאָזיקע יידן, וועלכע האָבן אָן אויפהער זי אויפגעפאָדערט ווייטער צו זינגען, האָט זי דאָך ניט געקענט שטילן.

(„אונזער וועג")

* * *

## קאָנצערט פון מיס שייוועט אין שטוטגאַרט

מיט גרויס אומגעדולד האָט אונזער לאַגער דערוואַרט דעם פאָרויס באַשטימטן קאָנצערט פון דער צווישן דער שארית הפליטה אַזוי באַרימט געוואָרענע און באַליבטע זינגערין מיס עמאַ לאַזאַראָוו־שייוועט.

דער קאָנצערט האָט איבערגעשטיגן אַלע אונזערע דערוואַרטונגען. אין משך פון דער שעה, וואָס דער קאָנצערט האָט געדויערט, האָט זי אַזוי מיטגעריסן דעם

עולם מיט איר הערללעכן גרזאַנג, אַז מען האָט פאַרגעסן וואו מען געפינט זיך, וואָס מ׳האָט דורכגעמאַכט און וואָס מ׳האָט נאָך דורכצומאַכן און געזען פאַר זיך דאָס אויסגעטרוימטע אויסגעבענקטע לאַנד.

דער זאַל האָט געשטורעמט פון אַפּלאָדיסמענטן און מען האָט די קינסטלערין ניט אַראָפּגעלאָזט פון דער בינע ,ביז זי האָט ניט צוגעגעבן נאָך, און נאָך אַ לידל.

אַ האַרציקן יישר־כח דער קינסטלערין. הלואי מערערע אַזוינע קאָנצערטן.

## עמאַ לאַזאַראָוו־שייוועך צו גאַסט אין באמבערג

אויך אונז איז צוגעטיילט געוואָרן דאָס גליק צו האָבן צו גאַסט די באַרימטע עמאַ שייוער, וועלכע האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער „אַרויסגעשיקטער" פון דייטש־לאַנד אַמעריקאַנער קולטור דעלעגאַציע פון די דיכטער לייוויק און אפרת, בכדי צו קענען קומען אין ענגן קאָנטאַקט מיט דעם ביסל יידישן איבערבלייבעכץ אין גלות־דייטשלאַנד. זייער ריכטיק האָט זי געטאָן, שוין דערפאַר, וואָס לייוויק און אפרת קענען זיך מיט אונז טיילן מיט זייערע איינדרוקן און שיקן זייער טרייסט און דערמוטיקנדע ווערטער פון דער ווייטנס, ווי זיי האָבן עס שוין אָנגעפאַנגען צו טאָן אויף די שפּאַלטן פון דער פאַריזער און אַמעריקאַנער פּרעסע. עמאַ שייווער וועט אונז איר קול דורך די צייטונגס שפּאַלטן נישט קענען שיקן. און הערן כאָטש איין מאָל די גאָט־געבענטשטע עמא שייווער, הייסט: הערן קלאַנגען פון טרייסט און דערמוטיקונג, וואָס גיט צו פיל כח צום איבערטראָגן דעם שווערן לאַסט אין אונזער ווייטערן וואַנדער־וועג.

עמאַ שייווערס זינגען איז אַ מאָדערנע „עבודה". עס איז אַ געמיש פון הויכער קונסט מיט עכטער יידישער דבקות. יעדער נומער געזאַנג איז געווען אַ מייסטער־ווערק. און די דערקלערונגען—אָדער ווי מען רופט עס בלע״ז „קאָנפעראַנסיערקע" — פאַרן זינגען אין אַ שיינעם ריינעם יידיש, — האָט זי באַוויזן, אַז קען אויך די קונסט פון ריידן.

דער לאַגער־עולם אין דער צאָל פון אַן ערך 1,200, וועלכער האָט פאַרפולט דאָס טעאַטער איבער די ברעגעס, האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די גרויסע זינגערין און מיט הילכיקע לאַנגדויעריקע אַפּלאָדיסמענטן באַגלייט יעדן נומער און די יונגסטע הערערין, אַ מיידעלע פון 5 יאָר, האָט אונטערגעטראָגן דער מייסטערין אַ שיינעם בוקעט בלומען.

ספּעציעל האָט ביים פּובליקום אויסגענומען דאָס א״י־ליד „עדרים" און „ריי־זעלע" און ועל כולם דער הימן פון אונזערע פּרייהייטס און פּראַנט קעמפער, „זאָג נישט, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג", ביי וועלכן עמאַ שייווער האָט אַרויסגעוויזן די העכסטע קראַפט פון אירע קינסטלערישע פיאיקייטן.

דער אַקאָמפּאַניאַמענט פון ה. וו. אבראַמאָוויטש איז געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך.

לאַנג, לאַנג וועלן בלייבן ביי אונז אין זכרון די אַנגענעם פאַרבראַכטע פאַר שעה אונטער עמאַ שייווערס ווירקונג.

חיים גאָלדזאַמר
(„אונזער וועג")

הסוכנות היהודית לארץ-ישראל
**JEWISH AGENCY FOR PALESTINE**

Stuttgart, 216 Reinsburgstr.
Tel. 93765

UNRRA District 1
APO 757

COPY

September 30, 1946.

To: Mr. Kip Chevalier

Re: Jewish New Year Broadcast

Participants:

| | | |
|---|---|---|
| Dr. Chaim Hoffman, | Representative | Jewish Agency for Palestine |
| Mr. David Treger | Acting chairman | Central Committee for Liberated Jews |
| Emma Lazaroff Schaver | Soprano | Hebrew songs and prayers |
| Solomon Arzewski | Pianist | |
| Naftali Z. Antman | Announcer | |

Dear Mr. Chevalier,

We wish to acknowledge with thanks the opportunity given to us through the facilities of Radio Stuttgart to reach all the Jews living in Germany today with Greetings and songs welcoming the Jewish New Year.

The broadcast had great significance and importance. It restored faith and renewed the hopes of a people - to hear words and melodies in the language of their fathers and in the spirit of their belief sent forth from the land of their persecutors.

It was reported to our office that the broadcast was heard over loud speakers erected in every Jewish camp, institution, hospital and community and that it was received with enthusiasm and deep felt emotion.

We appreciate your understanding and cooperation. With best wishes I remain

Respectfully yours,

JEWISH AGENCY FOR PALESTINE

*Cultural delegation*

**CENTRAL COMMITTEE OF LIBERATED JEWS**
IN THE AMERICAN OCCUPIED ZONE IN GERMANY

Tel. No. 480878, 480879

MUNICH, 2.10.1946.
Siebertstraße 3
I.
Ref.:

To the Jewish World Congress

N e w  Y o r k.

Dear friends:

The Central Committee of Liberated Jews in the American Zone appreciated very higly the deed of the Jewish World Congress, which as the sole Jewish Organization sent a cultural delegation to establish cultural relations between the American Jewry and the remnants of Israel in Europe. The short time granted the delegation for its activities, was of greatest importance for our camps' cultural life. Especially We consider, it as our duty to praise the artistic activity of Mrs. Schaver-Zachorow who is working here for already 4 months and is regularly visiting our camps with her concerts, bringing to the camp inmates the brighting warmth of our peoples' art.

She was for our children, for our mothers and fathers a ray of sunlight which penetrated into the darkness of their souls which have been transformed during the long years of diabolic sufferings into stones. Only her noble Jewish heart and her deep understanding of these sufferings succeeded to move these stones to provoke deep human feelings and transplant this people at least for two hours fom their misery to another Jewish happy world.

Emma will remain for the remnants of Israel in Bavaria not a name but a notion of warmth, love, strength and hope.

The page written by Emma in our transient life here, will last in history.

We express herewith our thanks to the Jewish World Congress for sending the Culture Delegation, and to the American Section of the Jewish Agency on behalf of which Mrs. Shaver carried out her beneficient activities.

We hope that Emma's going to the States will be only a leave which she needs so much after her strenuous work and that the time will not be far when her voice will disperse again the clouds in our hearts.

Respectfully yours



President of the
CENTRAL COMMITTEE

**CENTRAL COMMITTEE OF LIBERATED JEWS**

IN THE AMERICAN OCCUPIED ZONE IN GERMANY

Tel. No. 480878, 480879

№ 0009

MÜNICH, Siebertstraße 3 — 1,10,1946

Ref.

קרלסוראסט

חברה'ת פריינדין שערער !

פון טיפסטען הארצן דריקן מיר אייך אויס אונדזערן דאנק אין נאמען פון דער שארית הפליטה פאר דעם וואס איר האט פאר אונדז אויפגע-טון. מיט אייער געזאנג האט איר דערמוטיקט אלט און יונג און דערפרייט דאס הארץ פון אונדזערע קלייניקע קינדערלאך, מיט אייער געזאנג האט איר אונדז אבשפלעקט דעם גאלדענעם עבר און אונדזער האפנונג אויף א זוניקן עתיד באפעסטיקט.

פאר דעם אלעמען קומט אייך א הארציקער יישר כח און מיר ווינשן איר זאלט אין גיכן, אינאיינעם מיט אונדז, זוכה זיין אויפצובויען אונ-דזערע אייגענע מדינה אין א ר ץ י ש ר א ל .

צ ע נ ט ר א ל ק א מ י ט ע ט

פון די באפרייטע יידן אין דער אמער. זאנע

[signatures]

Zum ubfuhr fun der berimter Jüdisch-amerikaner Singerin

E M M A  L A Z A R O W  S C H E W E R.

In numen fun der Lagerverwaltung un Kulturamt drüken mir ojs a harzigen Dank der grojser Meisterin fun Lied Emma Lazarow Schewer, far Ihr gegebenem Konzert bei uns in Lager.

Froj Schewer!

Euer Konzert, welcher hot derfreut di Herzer fun ale unsere Lager-einwohner, welche hoben gehat di S'chije Euch zu hören, weln keimul nit vergesen di fun Euch harzig gesingene Lider welche hoben dermutigt di schwere Gemüter fun di kleine [illegible]stlech geratewete Juden.

Mir drüken ojs unser Bedojeren, wos Ihr scheid sich a zoj gich mit uns.

Mir danken Euch noch einmul far Euer Besuch un wünschen Euch a glüklechen Fuhr-gesund!.

[illegible] Committee:

Kulturamt:

[illegible], 18.VIII.1946.

**שלחת אלינו, צרפת לשורותינו ונהית אחת מאתנו!**

הקדשת לשארית הפליטה את מיטב הנימים: נימי לב ונפש רכוש האדם. אף כח, לא היה יכול לתת את אשר נתת את. נתת רוחניות במובנה של המלה והבטוי. והיא נקלטה עמוק, באשר היתה ברורה ומובנת לכל שומעיה.

תנאי נדודיך אל המחנות, בתי-חולים, ערים ועד לפנות הנדחות ביותר בערי תושך ומקלט על פני גרמניה. היו מלווים בקשיים עצומים. אולם את בקלות, במסירות ובאהבה התגברת על כל אלה, כאלו שנוצרת לתפקיד נעלה זה שאין הימנו. לא אכזבת! מלאת אותו נאמנה!

דמותך הנאצלת, קולך הבוקע ושירתך המלבבת הנובעת ממעיני הנפש, כל אלה פועמים בלבבות הדווים של רבבות בני ישראל אשר שנים ידעו רק ענויי גוף ונפש. ושיר מהו לא ידעו. חיינו כיום עודם מלווים שואה, אימה וזועה של הגורל האיום אשר נפל בחלקנו עלי אדמות וטרם הגענו למחוז חפצנו בו נוכל לשיר את שירת החיים.

**אולם יום השחרור בוא יבוא!!! ונצוח על שירת החיים והיצירה ימסר לידי בנות ישראל כמוך!**

את עוזבת אותנו ועטרת תהלה על ראשך, רק יחידי סגולה זוכים לה! רבבות פיות לוחשים לך מסירות, אהבה ותודה עבור המתנה יקרת-ערך והיא הנפש אשר הערכת לכולם. עודדת, רפאת וחדרת עד למעמקי הנפש ואותה העלית למרומים. וכל אלה מלוים אותך בשיר הלל.

**עמא הבית ישראל. שם זה לא ימוש מזכרון כל יודעיה.**

עוד רבות לך לעשות למען חלכאים ונדכאים. טרם השלמת את המלאכה הוסיפי כח, המשיכי בתפקידך הנעלה והקדוש בו בחרת!

שלך

אנטמן הרץ.

ערב ראש השנה ה.תש"ז.

שטוטגרט



**COMMITTEE**
**OF THE LANDSBERG JEWISH CENTER**

*Landsberg/Lech (Bavaria)*

*

*Landsberg/Lech,* 23.9. *1946*

Libe Miss Sheiwer,

in nomen fun der gancer Landsberger idiszer bafelkerung, Kulturamt, un Farwaltung badankn mir Ajch harcik far di 2 koncertn, mit welche Ir hot unzer lager baszonkn. Zei hobn uns farszaft fil genus un freid. Mir winszn Ajch fil erfolg in Ajer wajtere arbajt un hofn zich mit Ajch cu trefn un Ajch wider cu hern in unzer ejgen land, Erec-Israel

F A R W A L T U N G un K U L T U R A M T

Landsberger Verlagsanstalt

D. P. Center 7 Deggendorf

The Jewish Committee

Unrra Team 55

עמא שעווער

היקרה!

אות הכרתנו לך, בעד הופעתך המצוינת על בימתנו בדגנדורף
עליה הענית לחברתנו היהודית משירך המתוקים שהנעימו לנו
מאד. כרגשי תודה קבלי נא את ברכותינו הלבביות: א שר רב
והצלחה בחייך בעתיד.
את קולך הערב רוצים אנו לשמע מעל בימות הערים והכפרים
של ארצנו המשוחררת.

בברכת ציון:

ועד יהודי דגנדורף




דגנדורף 10.8.46

Zum Besuch der Künstlerin EMMA SHEVAR,s im Lager ASCHAU

Wie ein Sturmwind durchbrauste unser Lager die Nachricht dass die allbeliebste Sängerin unser Kinderlager mit ihrem Besuch behert hat. Wir Haben doch soviel in den jüdischen Zeitungen über ihre Person und über ihre Kunst gehört, dass wir sie schon vor ihrer Ankunft liebgewonnen haben und wir waren alle glücklich sie un unserer Mitte zu wissen. Man hat ganz besonders in den Augen unserer ca.200 anwesenden Kinder die grosse Freude erkennen,die sie empfanden, fühlten sie doch,dass dieser Wochentag ihnen in einer Feiertag verwandelt sein wird. Und sie haben sich auch nicht geirrt. Unser Gast hat die Herzen Aller erobert, lang bevor Sie die Bühne betritt mit ihrer Herzlichkeit,ungezwungener Lieblichkeit,mit ihrem lieben Lächeln und mit der ganzen Charme Ihres anmutigen Wesens.Auf den ersten Anblick endeckte man in Ihr die mitfühlende Schwester zu jedem einem von uns die nur kam, um Wunden zu heilem, um Schmertz und Kummer zu lind rn,um neuen Lebnsmut zu spend n,besonders für unserer Kleinen,die dies am dringenstens benötigen.Und die Stimmung steigerte sich bis zur Andacht,als Ihre reine weiche Stimme den Saal durchdrang, unsere Herzen waren mit Rührung die Augen mit Tränen geladen bei den jüdischen Melodien,die Sie mit unvergleichlichem Gefühl vortrug. Es war nicht mehr ein Singen,es war ein Gottesdienst. Wir vergassen auf einige Zeit die schweren Leiden der letzten Jahre, und fühlten uns versetzt in die früheren Tage der Unbesorgheit,als wir noch Freude am Leben spüren dürfen,als wir grosse Tat,dies fertig zu bringen und mit denTränen der Rührung,die Tränen des Leidens und Trauers zu verscheuchen!!!Ich glaube bestimmt dass jeder damals anwesend war, EMMA SHEVAR nicht,so leicht vergessen wird können.

Wir hegten immer die Hoffnung,dass wir noch die Künstlerin bei uns sehen würden,leider ist es uns nicht vergönnt gewesen,und so möchten wir wünschen,möge der Allmöchtige für jeden Minute der Freude die Sie uns bereiteten,ebensoviele Jahre des Glückes und Sorglosikheit schenken und wir möchten auch hoffen,dass wir uns wieder treffen in jenem Land,das der Traum unser Aller ist und wo unser Dank nicht nur mit Worten ausdrücken können.

Mögen Sie auf Ihrem Wege von unserem besten Wünschen begleitet sein und denken Sie mit Liebe an die Einwohner des Ihnen dankbaren

Lager ASCHAU

Aschau, den 23.IX.1946.

CUM JIDISZEN CENTRAL KOMITET

in MINCHEN.

In zuzamenhang mytn upfuhren fun dem lieben gast Frau EMA LAZAROW-SZEWER fun der Amerikaner Zone bejtn mir ajch in numen fun der Farwaltung in fun gancen Jidiszen lagerin BACKNANGbej STUTGART ibergeben Ir ajn herclichen dank far Ir ojftrejt baj unz dem 17.7.
hot
wij Zij myt Ir arojstreten ferszaft a grojsen fergenygen ynzer SZERIS HAPLEJTA. Myt Ir gezang hot Zij erwekt baj unz di tifste gefijlen cum jidiszen lebn yn geszafen a hofnung far ajn beseren cukunft yn ejgenem Land EREC-JISROEL.

Mir winszen Ir lange juhren yn fruchtbare arbet ofn kunstleryszen gebit farn Jidiszen Folk.

Dos Komitet.

Forzycender /Spiner/

Sekretar



